י. גרינשפאַן

# לידער און פּאָעמעס

רעדאַגירט פון
מ. בלעכמאַן
צייכענונגען פון זוני מאַוד

קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס-פאַרלאַג
פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן
ניו יאָרק, 1937.

# יוסף גרינשפּאַן



געבוירן אין יאָר 1902 —
געשטאָרבן דעם 26טן יוני, 1934.

# אינהאַלט-פֿאַרצייכעניש *)



*) לידער באַצייכנט מיט אַ שטערנדל (*) זיינען נאָך קיינמאָל פֿריער ניט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן; לידער מיט אַ טאָפּל-קרייץ (‡) זיינען צום ערשטן מאָל פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן נאָכן טויט פֿון דעם דיכטער.

# פאָרוואָרט

די פאָלגנדיקע אויטאָביאָגראַפישע סכעמע האָט גרינשפאַן געשריבן אין יאָר 1933 פאַר א. פּאָמעראַנצעס בוך „פּראָלעטפּען”, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד:

„געבאָרן אין קלעצק, מינסקער גוב., אין 1902 בײַ אַרבעטער־פאַמיליע (גלעזער). אַרײַן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג צוערשט אין יוגנט ס. ס. אין 1917 נאָך דער מאַרט־איבערקערעניש. אין צײַט פון דער פּוילישער אָקופּאַציע עמיגרירט קיין קאַנאַדע. געווען אַ מיטגליד אין דער קאַנאַדער קאָמפּאַרטיי ביז 1925, ווען אויסגעוואַנדערט אין די שטאַטן. געווען אַ שטיקל צײַט אַ מיטגליד אין דער אַמעריקאַנער קאָמפּאַרטיי, דערנאָך אַרויסגעפאַלן, כאָטש ניט צוליב פּאָליטישע סיבות. געוועזענער שיך־אַרבעטער, איצט — לערער בײַ די אינט. אַרב. אָרדן שולן. שרײַב שוין אַ יאָר זעקס. געדרוקט לידער דורך דער צײַט אין דער ’פרײַהייט’ און ’האַמער’. געהערט צום ’פּראָלעטפּען’ זינט זײַן עקזיסטענץ. דורכגעמאַכט די קאַמפּן אין דער צײַט פון אידעאָלאָגישער קריסטאַליזאַציע אין פאַראיין, פאַרטרעטנדיק דעם אָפּנויגערישן שטאַנדפּונקט. געווען אויסגעשלאָסן אַף אַן אומבאַשטימטער צײַט. שפּעטער אײַנגעזען און צוגעגעבן מײַנע טעותן און בין ווידער גוטשטייענדיק געוואָרן.

„אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט ח’ סאָברין אַ בוך לידער ’ערעוו־צײַט’, 1931.”

אין יאָר 1929 האָט גרינשפּאַן באַגעגנט זײַן חברטע ביטרים קרעוואַנס, וואָס האָט שטאַרק באַאײַנפלוסט דעם דיכטערס לעבן — צום אומגליק ניט אַף לאַנג — און זײַן דיכטונג.

אין זומער פון יאָר 1933 איז דער דיכטער אָנגעשטעלט געוואָרן אַלס שרײַבער אין דער רעדאַקציע פון דער „מאָרגן־פרײַהייט”, וואו ער איז פאַר־בליבן עטלעכע חדשים. אין דער זעלביקער צײַט איז ער געווען אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון „סיגנאַל”, אָרגאַן פון „פּראָלעטפּען”. אָבער די מאָגן־קראַנקהייט, פון וועלכער דער יונגער דיכטער האָט שוין אַ לאַנגע צײַט געליטן אין דער שטיל, האָט אין יענע חדשים אָנגענומען אַלץ שאַרפערע פאָרמען. ענדלעך האָבן דאָקטוירים געמאַכט דעם שווידערלעכן דיאַגנאָז — ראַק. מען האָט אים אָפּערירט, אָבער צו שפּעט. נאָך דער אָפּעראַציע איז דער

יונגער דיכטער שוין פאַקטיש ניט אַראָפּ פון בעט, און נאָך לאַנגע חדשים פון שוידערלעכע לײדן איז ער געשטאָרבן.

די לויה, אָנגעפירט פון דעם „פּראָלעטפּען", פון דער אידישער ביוראָ בײַ דער קאָמוניסטישער פּאַרטײַ פון אַמעריקע און פון דעם ניו יאָרקער שטאַטישן קאָמיטעט פון די אידישע אַרבעטער־קלובן, פון וועלכן גרינשפּאַן איז געווען אַ מיטגליד, האָט געוויזן די פּאָפּולאַריטעט פון דעם יונג־פאַר־שטאָרבענעם דיכטער צווישן ברייטע קרייזן פון אידישע אַרבעטער און פון דער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ. איבער אַ טויזנט פּערזאָן זײַנען אין אַ וואָכעדיקן אַרבעטס־טאָג געקומען צו דער לויה און האָבן זיך באַטייליקט אין דער טרויער־פּראָצעסיע דורך די ניו יאָרקער איסט־סײַדער גאַסן.

:: :: ::

די מאַנוסקריפּטן פון דעם דיכטערס פאַרעפנטלעכטע און ניט־פאַרעפנט־לעכטע אַרבעטן זײַנען שפּעטער געזאַמלט געוואָרן פון זײַן חברטע, וועלכע האָט זיי געבראַכט אין אָרדענונג, קאָפּירט דורך אַ שרײַב־מאַשין און געמאַכט גרייט צום דרוק.

רעדאַגירנדיק די לידער־זאַמלונג האָט דער שרייבער פון די שורות געהאַט פאַר זיך די אַלטע פּראָבלעם: געבן די לידער כראָנאָלאָגיש, אָדער גרופּירן זיי לויטן אינהאַלט. ער האָט ענדלעך, מיט דער הסכמה פון חברטע ביטרים און ח' משה כץ, פאַרטרעטער פון דער קולטור־קאָמיסיע פונעם אינטער־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן, אויסגעקליבן דאָס צווייטע. אין יעדער באַ־זונדערער אינהאַלט־סעקציע גייען אָבער די לידער כמעט דורכאויס כראָנאָ־לאָגיש.

גרינשפּאַן איז געווען הויפּטזאַכלעך אַ דיכטער פון רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַרישע לידער. מיר האָבן דעריבער אָנגעהויבן מיט דער סעקציע „קוילן". דאָס ערשטע ליד, „דער גייסט פון טאָרקוועמאַדאָ" („קאָלאָראַדאָ" האָט עס געהייסן אין „האמער"), איז אויך געווען דעם דיכטערס ערשטער אַרויסטריט פאַר דער עפנטלעכקייט.

צום סאַמע סוף גיבן מיר דעם דיכטערס ערשטע און אומרייפסטע לידער, צו וועלכע ער אַליין האָט זיך באַצויגן זייער קריטיש און זיי ניט געהאַט בדעה צו פאַרעפנטלעכן. די לידער זײַנען אָבער פון גרויס וויכטיקייט, ווײַל זיי ווייזן אונז דעם דיכטער אין זײַן פאָרמאַציע־פּעריאָד, בײַ דער אַרבעט אויף זיך, אין זײַנע עקספּערימענטן און פּרואוון, אין דעם פּראָצעס פון געבן געבורט צו אַן אייגענעם סטיל, פון געפינען אַן אייגענעם וועג.

מ. ב.

# אַריינפיר

## א.

די יאָרן 1926—1929 זיינען געווען אַ פּעריאָד פון אויפבלי און וואוקס אין דער אידיש-פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. נייע פּאָעטן און בעלעטריסטן האָבן זיך איינער נאָכן אַנדערן באַוויזן אַף אונדזער ליטעראַרישן האָריזאָנט; שרייבער פון פריערדיקע יאָרן האָבן זיך גענומען מיט נייער ענערגיע צו דער אַרבעט; אַנערקענטע שרייבער פון אַנדערע לאַגערן האָבן זיך געריסן צו אונדז, און איינצקע פון זיי האָבן זיך גענומען דרוקן אין אונדזערע אויסגאַבן.

אין דעם געביט פון פּאָעזיע האָט ביי אונדז נאָך געהערשט דער איינפלוס פון די אַזוי-גערופענע „יונגע", דאָן שוין פאַקטיש קלאַסיקער פון דער אידי-שער פּאָעזיע אין אַמעריקע — לייוויק, משה לייב האַלפּערן און מאני לייב. ס'האָט געשווינדלט און געגריבלט מיט נאָכאַמונגען פון די דערמאָנטע דיכטער, און יעדער אָנפאַנגער האָט געפונען פאַר נויטיק כאָטש פון צייט צו צייט „עולה-רגל" צו זיין אַף זייערע פאַרוואָלקנטע, מיסטיש-פּעסימיסטישע וועגן. אַנדערע האָבן דעם איינפלוס פון די קליינבירגערלעכע קלאַסיקער מער אָדער ווייניקער פאַרדייעט און גובר געווען, אַרויסגעוויזן סימנים פון אייגנאַרטיקייט און געשטעלט אַ נייעם פּראָלעטאַרישן טראָט.

דעמאָלט האָבן זיך באַוויזן די ערשטע לידער פון יוסף גרינשפּאַן. אין זיי האָט זיך באַמערקט אַ געמישטער איינפלוס — אָט לייוויק, אָט משה לייב האַלפּערן, אָט מאני לייב; דאָ און דאָרטן האָפּשטיין און אַנדערע סאָוועטיש-אידישע דיכטער. גרינשפּאַן האָט אָבער באַלד געוויזן דעם אָנהויב פון אַן אייגנאַרטיקן סטיל. זיין ערשטע געדרוקטע ליד „קאָלאָראַדאָ" — ער האָט זי גערופן „דער גייסט פון טאָרקוועמאַדאָ" — געדרוקט אין „האַמער", יאַנואַר 1928, האָט שוין געמאַכט אַ רושם. ס'האָט געוויזן פּאָעטישע קראַפט, שוואונג און וויזיע, כאָטש דערווייל נאָך סטיכיש און ניט-קולטיווירט, די פאָרם נאָך ניט געהובלעוועט, מליצהדיק, און דער אינהאַלט — ניט אַנטוויקלט, אַבסטראַקט. דער יונגער דיכטער האָט אַרויסגערופן אויפמערקזאַמקייט צו זיך און מען האָט געוואַרט: וואָס וועט ער ווייטער זאָגן?

## ב.

ס'איז געווען אין זומער פונעם יאָר 1929. די רעדאַקציע פון דער „מאָרגן-פרייהייט" האָט מיר געגעבן אַ פּעקל מאַנוסקריפּטן איבערצוקוקן. די מערסטע פון זיי, ווי געוויינלעך, אָנגעקליבענער באַלאַסט. מיטאַמאָל, איך

כאַפּ זיך: אַ פּאָר לידער פון י. גרינשפּאַן — „פון מײַנע וואַנדערונגען אין דער סאָוט״. איך נעם לייענען די ערשטע שורות פון דעם ליד, „אַף שליאַכן פון דזשאַרדזשיאַ״:

„אַף ביידע זײַטן
פון דעם שלענגלדיקן וועג
כוואַליען פעלדער זיך,
באַלאָדענע
מיט ווייסער מזל-ברכה.
אַף יעדן פעלד,
אַ באַהאַנגענע מיט זעק,
וואָגלט אַנגעבויגן אום
אַ נעגערשע משפּחה.״

ווי קלאַסיש אײנפאַך! ווי פּראָסט שיין! מיט אַזאַ צימצום פון ווערטער און פאַרב — אַזאַ פול און עכט בילד. איך זע פּאַר זיך דעם „שלענגלדיקן וועג״ דורך אַ ים פון באַוול-צווײַטן, וואָס כוואַליעט זיך אין ווינט. איך זע די נעגערס בראָדיענדיק דורכן ים פון „ווייסער מזל-ברכה״ — זעק, זעק, און אַ געהויקערטער רוקן בײַ יעדן זאַק — טאַטע, מאַמע, קינדער — מ׳קלײַבט באַוול. אַלץ לעבט פאַר מיר דורך עטלעכע קאַרגע שורות, דורך געצײַלטע מאָלערישע פאַרב-עפעקטן.

איך לייען ווײַטער און איך גאַף: קיין איבעריק וואָרט, יעדע שורה אַ בילד, און דאָס גאַנצע ליד — אַ קאָמפּאַקטע פּאַנאָראַמע און אַ קאָנצענטרירטע עפּיק פון אַ פאַרשקלאַפט, שוידערלעך-עקספּלואַטירט פאָלק, וואָס שרײַט אין דערשלאָגענער, געהאַרכזאַמער שטילקייט, און רײַסט זיך בלינד, אינסטינקטיוו, צו עפּעס אַ „נײַעם לינקאָלן, אַן אמתער באַפרײַער״.

יעדער ספק אין גרינשפּאַנס דיכטערישער קראַפט און עכטקייט איז בײַ מיר פאַרשוואונדן. ער איז אָבער ניט אינגאַנצן געווען אײנשטימיק מיט מײַן מיינונג וועגן דעם ליד. ער האָט דאָס באַטראַכט פאַר אַ מינדערווערטיקער אַרבעט. ס׳האָט אים געצויגן אַף מער פאַרוויקלטע און פאַרשאָטנטע וועגן.*)

*) שפּעטער, פאַר דער זאַמלונג „ערעוו-צײַט״, וואָס ער און ל. סאָברין האָבן אַרויסגעגעבן אין יאָר 1931, האָט גרינשפּאַן געפּרוּוט פאַרבעסערן דאָס ליד. ער האָט געענדערט די צווייטע סטראָפע, אָנגעוואָרפן מער פאַרב, געפּרוּווט אַרײַנגעבן מער אינהאַלט. דאָס ליד האָט אָבער, לויט מײַן מיינונג, אַ סך פאַרלוירן אין דער נײַער ווערסיע. דער עפעקט איז דאָ פּונקט, ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר וואָלט גענומען זײַנע אַן אייגענע שאַפונג, וואָס פאַרכאַפּט מיט דער שיינקייט פון איר פאָלקסטימלעך-עכטער פּשטות, מיט איר לײַכטער און קאָמפּאַקטער ריטמיש-מעלאָדישער גאַנצקייט, און זי אָנגעלאָדן מיט קאָמפּליצירטע מוזיקאַלישע עפעקטן, אין וועלכע די אָריגינעלע מעלאָדיע ווערט פאַרטושט, פאַלט אַראָפּ פון איר פאָלקסטימלעך-לײַכטן טאָן און ווערט שווער און ערנסט. צו אַזאַ מין מעלאָדיע שטעלט איר שוין אַנדערע פאָדערונגען, און צי די נײַע קאָמפּאָזיציע האַלט אויס די נײַע פאָדערונגען, אָדער ניט — דער ערשטער פאַרכאַפּנדיקער עפעקט פון דער פאָלקס-מעלאָדיע איז פאַרלוירן געגאַנגען.

וואָס ווייטער אַלץ מער איז גרינשפּאַן פאַר מיר געוואָרן אַ פּראָבלעם, אַלץ שווערער איז מיר געוואָרן צו פאַרשטיין זיין דיכטערישן וועג: אַט איז ער אַזוי העל און איינפאַך, קלאָר, פעסט און פּראָלעטאַריש עכט, ווי אין דעם ליד, „סיי־ווי־סיי”, און אַט ווערט ער סוביעקטיוו פאַרוויקלט, אַנגעהויכט מיט פּעסימיסטישער מיסטיק, מיט „אשמדאי” און „לילית”, כמעט קאַבאַליסטיש.

פּונקט אַזעלכע שאַרפע ווידערשפּרוכן האָב איך געפונען אין זיין כאַראַקטער: אַט איז ער ברייט־אָפנהאַרציק, וואָס אַפן לונג דאָס אַפן צונג, — און גלייכצייטיק טיף־באַהאַלטן און אָפגעשלאָסן אין זיך; אַט איז ער שטורעמדיק, אַגרעסיוו, שקאָציש — אַט שעמעוודיק און צוריקגעהאַלטן; גלייכצייטיק — אי צוגעלאָזן, צוטרויליך און איבערגעגעבן צו נאָענטע, אי בייז, אומצוטרויליך, האַרט און שטעכעדיק.

דעם שליסל צו זיינע ווידערשפּרוכן דאַרף מען זוכן אין די קאָנפליקטן צווישן די קליינבירגערליך־אינדיווידואַליסטישע און פּראָלעטאַרישע איינפלוסן אין דעם דיכטער, אין דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון זיין אינדיווידועלן און סאָציאַלן לעבן.

## ג.

יוסף גרינשפּאַנס לעבן איז געווען אַ קנויל אַ צוזאַמענגעוויקלטער פון גרויל און פרייד; דער גרויל האָט אָפט באַ אים געהאַט דעם אָנזען פון פרייד און די פרייד — פון גרויל.

אַ קינד פון אַן אָרעמען בעל־מלאכה — זיין פאָטער איז געווען אַ גלעזער — איז ער פאַקטיש, קען מען זאָגן, געבוירן געוואָרן אין די פּראָלעטאַרישע רייען אַריין. זיין דערציאונג האָט ער געקראָגן אין חדר און בית־מדרש, אין אַ קליינבירגערלעכער סביבה, וואו ער האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך די באַלעבאַטישע אידעאָלאָגיע און זיך אָנגעפּאָמפּעט מיט ביבליש־תלמודישן מיסטיציזם. געצויגט צו ראָמאַנטיק און דורכגעדרונגען מיט אַ ליידנשאַפט צו דער פרייער, פאַרביקער רחבות פון דער נאַטור, איז ער אָבער זיין גאַנצע פריע יוגנט געווען פאַרמשפּט צו אַן אָרעם, גרוי און שווער לעבן אין אַן אומעטיק, קויטיק־חורבהדיק, אין בלאָטע־פאַרזונקן ווייס־רוסיש שטעטל — אין קלעצק, מינסקער גובערניע — וואו גרינס איז ווי אין אַלע געטאָ־שטעטלעך, אַ גאַסט, לשם מצוה, איינמאָל אין יאָר, אין שבועות, ווען מען מוז עס געוויינלעך אויסרייסן בגנבה פון אַרומיקע גויאישע לאָנקעס.

דער דראַנג צו ראָמאַנטיק און צו דער נאַטור איז באַם קליינעם יוסף אַזוי־אַרום כסדר צוריקגעטריבן געוואָרן אין זיך, צו זיין פאַנטאַזיע, וועלכע האָט זיך געשפּייזט מיט דער פון־דורות־פאַרגליווערטער, פאַרדומפּענער ביבל־ראָמאַנטיק. פון איין זייט — דער שטעטלדיקער עיפּוש, דער חדר, דער בית־מדרש, מיט זייערע גייסטיקע קאָשמאַרן — נישט־גוטע, מתים־האַלבע־נאַכט, שדים און פּיפּערנאָטערס, „אשמדאי” און „לילית” — און פון דער צווייטער זייט, די ביטערע פּראָלעטאַרישע ווירקלעכקייט — די שטענדיקע שווערע

גוים, וועלכע האָט צונישט געמאַכט זײַנע הײַסטע, קינדערשע וואונטשן און פֿאַרלאַנגען; זײַן קראַנקער, פֿיזישער צושטאַנד — ער איז געווען אַ קרבן פֿון קינדער־פּאַראַליז, וואָס האָט אים געלאָזן מיט אַ פּאַראַליזירטער האַנט און אַ דערשיטערטער נערוון־סיסטעם — דאָס אַלץ האָט די רײַכע שעפֿערישע פֿאַנטאַזיע פֿון דעם קלײנעם יוסף אָנגעפּילט מיט שרעק און גרויל; און דער אונטערשייד צווישן זײַן ביטער פֿאַרקריפּלט לעבן און דעם לעבן פֿון די געזונטע, זאַטע, זעלבסט־צופֿרידענע באַלעבאַטישע קינדער אַרום אים האָט פֿאַרביטערט זײַן געמיט.

ס'איז געקומען די וועלט־מלחמה מיט אירע שרעקן און גרוילן, וועלכע האָבן זיך אַזוי שוידערלעך אָפּגעשטעמפּלט אויף דעם יונגן, וואַקסנדיקן בחורס געמיט (ער איז דאַן געווען צוועלף יאָר אַלט). די מלחמה האָט אים אין אָנהויב אויך געבראַכט פֿרייד — זי האָט אים באַפֿרײַט פֿון דעם ווידסטן חדר. ער האָט זיך דאַן געקאָנט אַוועקלאָזן אויף די לאַנקעס אַרום שטעטל, אָדער אין דאָרף אַרײַן, פֿאַר „געשעפֿט" — אײַנהאַנדלען זיך (אָדער אפֿשר „פֿאַר־משאַפֿען") טײַבעלעך, צו וועלכע ער האָט געהאַט אַ באַזונדערע שוואַכקייט, און דערנאָך מאַכן אַלערלײ (מערסטנס, נישט געלונגענע) פֿאַרזוכן צו האָדעווען זיי באַהאַלטענערהייט ערגעץ אויף אַ בוידעם.

די מלחמה האָט זיך באַלד געגומען פּילן. עס זײַנען געקומען יאָרן פֿון הונגער און עפּידעמיע. אין יענע שרעקלעכע יאָרן, דערציילט אונדז גרינ־שפּאַן אין דעם ליד „באַ דער שיין פֿון 1917", איז אים „נעענטער אַ סך געווען ס'געקנאַל פֿון אַ האַרמאַט, ווי פֿון אַ וואָלקן־קראַך", און אַ שלאַכט איז פֿאַר אים געווען „אַ שוידער־מעשהלע אויף וואָר, אַ שפּיל מיט אימה אָנ־געפּילט, מיט געצנדיגער־פֿרייד, און מיט וואָלפֿורגים פֿראַכט". די מלחמה האָט אים בייגעטראָגן איר שוידער־ראָמאַנטיק. אים האָבן בלויז גערירט דער „מאַמעס טרערן אויף ראַמאַנאָווס רוצחיש־בייזער האַנט, וואָס האָט פֿאַר־נומען מיך, איר קינד, צו גראָבן קברים פֿאַר די בראַווסטע פֿון זײַן לאַנד". פֿאַר אים אַליין, דעם דרײַצן־פֿערצן־יאָריקן אינגל, הונגעריק נאָך ברויט און דאָרשטיק נאָך ראָמאַנטיק און אַוואַנטורע, איז עס געווען אַ פֿאַנטאַזיע־רעגנדיקע איבערלעבונג.

די מלחמה־גרוילן זײַנען געוואָרן ערגער, דער הונגער שאַרפֿער. די שוועסטער איז געשטאָרבן פֿון שווינדזוכט און יוסף האָט געמוזט ווערן דער „שפּײַזער" פֿון דער פֿאַמיליע (דער פֿאָטער איז געווען אין קאַנאַדע, אָפּגע־שניטן פֿון דער פֿאַמיליע) — ער האָט געמוזט אַרומגיין בעטן באַ די רײַכע אײַנוואוינער פֿון שטעטל אַ ביסל שפּײַז־אָפּפֿאַל, כדי אַלע זאָלן נישט אויסגיין פֿון הונגער.

„און לאַנג" — דערציילט גרינשפּאַן אין דעם דערמאָנטן ליד — „האָב איך מיט שטאָלץ געציילט האַרטע בלאָטערן אויף צאַרטער קינדערשער הויט, און זעק קאַרטאָפֿל־שאָלעכץ באַ הינטער־טירן אויסגעבעטלטע, און וויפֿיל טעג איך קאָן אויסקומען אָן ברויט."

אזוי איז פאריבער גרינשפאנס קינדהייט און פריע יוגנט. דא האבן מיר דעם אור־שיכט פונעם באדן אין וועלכן ס'איז איינגעווארצלט דער פעסימיזם, וואס רייסט זיך דורך אין גרינשפאנס לידער, ניט געקוקט אף דעם, וואס ער איז פון זיין אכצנטן יאר געווען א רעוואלוציאנער און געגלויבט אין דעם ענדלעכן זיג פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע. דא געפינען מיר דעם ערשטן קוואל פון דער פארביטערטקייט, פארהארטעוועטקייט און קרענק־לעכקייט פון זיין כאראקטער.

ד.

אין איינעם פון זיינע רירנדיקע, לירישע לידער, אין דעם ליד מיטן נאמען „כ'בין א גייענדיקער דארן", דערקלערט אונדז גרינשפאן דעם קוואל פון זיין פעסימיזם, פון די ווידערשפרוכן אין זיין כאראקטער. ער זאגט:

„ווי א שונאס וויסטער חיל
דורך א בליענדיקן גארטן,
האבן דורך מיין קינדהייט זיך געטריבן
מיינע יארן.
איז מיין יוגנט
חויל,
און הארט,
און שטעכעדיק פארבליבן.
בלאנקע איך זיך אום אצינד
און באט מיין בייזקייט אן צו מענטשן,
ווי עס פלאנטערט זיינע נעגל
צווישן צארטע פלאנצן
א פון-ווינט-פארשניטענער און וואגלענדיקער דארן."

איך בין בייז, זאגט אונדז דא גרינשפאן, אבער ניט בייזוויליק. די בייזקייט איז, ווי איר זעט, ניט מיינס אייגנס, נאר דעם „שונאס וויסטער חיל", וואס האט דורכגעטאפטשעט דורך מיין בליענדיקער קינדהייט, און אט וואס ס'איז פארבליבן — א „פון־ווינט־פארשניטענער און וואגלענדיקער דארן".

א דארן צווישן צארטע פלאנצן איז אפשר א באנאל בילד, אבער ווי אויפריכטיק און אייגנארטיק ס'איז דא אויסגעדריקט, און ווי איבערצייגנדיק. און סארא ווארימער געפיל צו מענטשן ס'ליגט באהאלטן אין די שטעכעדיקע שורות! און סארא האס צום שונא, וועמענס וויסטער חיל ס'האט אין אים איבערגעלאזן אזא וויסטע ירושה! ניט איר, נאר איך בין דער קרבן פון מיין בייז־דארנדיקייט, דערקלערט אונדז גרינשפאן ווייטער אין יענעם ליד:

„שלעפן זיך אזוי
דורך דעם עלנט פון מיין יוגנט,
טעג,
אי לויטערע,
אי כמורנע —

נאָר אַלע פֿאַלן זיי און שטאַרבן אַף מיין פּנים
און לאָזן אַף אים איבער,
ווי פֿאַרוואונדעטע און טויטע אַף אַ שלאַכטפֿעלד,
בלויז
אונטערגאַנג־סימנים."

אונטערגאַנג־סימנים? גרינשפּאַנס אונטערגאַנג איז אָבער ניט לייוויקס אומקום, איז ניט קיין אויסדרוק פֿון אומגלויבן אין דער צוקונפֿט פֿון דער מענטשהייט, פֿון יאוש אין זיין קלאַס. לייוויק איז דורך־און־דורך פּאַטאַליס־טיש. ער פֿאַרמשפּט די גאַנצע וועלט, די גאַנצע געזעלשאַפֿט, צום אומקום צוזאַמען מיט זיך זעלבסט. לייוויק זינגט הימנען צום אומקום און פּראָ־קלאַמירט אים אַלס אומפֿאַרמיידלעכער גורל פֿון דער וועלט. גרינשפּאַן קעמפֿט כסדר, מיט וויניק אויסנאַמען, קעגן זיין פּעסימיזם, וועלכער זעט זיך בא אים מערסטנס אָן אַקעגן אַ הינטערגרונט פֿון געזעלשאַפֿטלעכן אָפּטימיזם. גרינשפּאַן גלויבט אין מענטשן און אין דער צוקונפֿט פֿון דער געזעלשאַפֿט, נאָר ער באַקלאָגט זיך אַליין, וואָס ער איז אַזוי דאָרנדיק אין אַ וועלט פֿון „צאַרטע פּלאַנצן", וואָס ער גייט אונטער אין אַ וועלט, וועלכע גייט פֿאַראויס צו אַ ניי לעבן, צו אַ נייער צוקונפֿט.

## ח.

דער אינערלעכער געראַנגל צווישן זיין פּעסימיזם און דעם געפֿיל פֿון אויפֿריכטיקן סאָציאַלן אָפּטימיזם, פֿון גלויבן אין די כּחות פֿון דעם פּראָלע־טאַריאַט, און אין זיין ענדלעכן זיג, וואָס האָט גרינשפּאַנען כסדר באַהערשט — דאָס איז דער שליסל צו די ווידערשפּרוכן אין זיינע פּאָעטישע שאַפֿונגען. אַמאָל האָט בא אים די איבערהאַנט דער פּעסימיזם; אַמאָל איז בא אים גובר דאָס געפֿיל פֿון געזונטער סאָציאַלער פֿרייד, זיין פּראָלעטאַריש־רעוואָ־לוציאָנערער אָפּטימיזם. אין ערגעץ האָט גרינשפּאַן ניט אַזוי איינדרוקספֿול אויסגעדריקט דעם זיג פֿון זיין רעוואָלוציאָנערן אָפּטימיזם איבער זיין פּעסי־מיזם, ווי אין דעם גוט־באַקאַנטן און ברייט־באַליבטן ליד — „סיי־ווי־סיי", געשריבן אין דעם זעלביקן פּעריאָד, ווען ער האָט געשריבן אַ ריי פֿון זיינע העכסט־פּעסימיסטישע לידער:

„סיי־ווי־סיי
צעצינדן מיר די וועלט!
און פֿאַלט אַוועק אין פֿעלד אַ רויטער העלד —
איז וואָס?
פֿלאַקערט אויף אין אונדז זיין רוח,
ווייַנען מיר ניט נאָך זיין גוף —
סיי־ווי־סיי
צעצינדן מיר די וועלט!"

דאָס ענטפערט גרינשפּאַן זיך זעלבסט אַף זיינע לידער פון פּעסימיזם און יאוש. ער זאָגט, ווי צו זיך אַליין: איז וואָס, אַז איך, דער יחיד, וועל אונטערגיין? אַז —

„סיי-ווי-סיי
גייט אויף די ערד אין בראַנד!"

מיין קלאַס, מיין רעוואָלוציע, מיין מענטשהייט, וועלן סיי־ווי זיגן:

„סיי-ווי-סיי
איז אונדזערע די זון!"

און אַט דערציילט אונדז גרינשפּאַן אין זיין פּאָעמע, „אין טויזנט לבנה־נסיעות" (געדרוקט אין „האַמער", אויגוסט 1932), אַז מיט טויזנט לבנה־נסיעות צוריק, ד. ה., אין דעם סאַמע פּעריאָד ווען ער האָט געשריבן זיינע אונטערגאַנג־לידער, האָט ער געאַרבעט אין אַ האָטעל אין די קעטסקיל־בערג און אין פרייע טעג פלעגט ער אַרומגיין און חלומען — ניט וועגן אומקום און דעקאַדענץ — נאָר אָט־וואָס:

„איך שפּאַציר זיך אַרום
און נעם זיך שטראַלן צונויף בײַ דער זון,
און פלעכט זיך דערפון
חלומות פון וויי און פון האַס,
פון אַרבעטער-קראַמף אין פאַבריק און אין פעלד,
פון געראַנגל אַף סקווער און אַף גאַס."

און ווייטער פלעגט ער חלומען:

„פון צייטן וואָס ווייזן,
ווי ס'הויבן אין רויכן זיך אויף פון געכטנס די פלויטן,
ווי ס'לייזט אין די וועלדער דער שימל זיך אויף, און זיי ווערן
פאַרוואַנדלט אין קנויטן,
און ס'גליט זיך פאַנאַנדער דער הימל אין רויטן,
און זעט:
עס כוואַליען אַף שטעט און אַף דערפער טייפונען
און שקראַבען,
און וואַשן,
און קעמען
און שווענקען פון דאָרטן אַרונטער
דעם ברודיקן שוים פון פאַרגאַנגענע הונדערטער יאָרן."

ו.

אין דעם פאַרעקשנטן געראַנגל צווישן דעם אינדיווידואַליסטישן פּעסי־מיזם און דעם סאָציאַלן אָפּטימיזם, וואָס גייט אָן אין אים, שטייט גרינשפּאַן באַוואוסטזיניק דורכאויס אַף דער זייט פון דעם צווייטן. דער פּעסימיזם לאָזט אים אָבער ניט אָפּ. ער קערט זיך צו אים כסדר אום און מאָנט. אָט

הויבט ער פאר אים אויף די פראגע פונעם ווידערשפרוך צווישן יחיד און כלל, וואס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר דעם צווישן־מענטשן, דעם דע־קלאסירטן, וואס קען זיך נים פולשטענדיק ארייפאסן אין די ראמען פון א קלאס.

גרינשפאן פארטיפט זיך אין אט־דער פראגע און ער פרואווט זי לייזן אין זיין פאעמע „דער מארטירער". דארט מאלט גרינשפאן דעם טיפן יאוש פון א רעוואלוציאנער, א מארטירער, וועלכער זיצט שוין יארן פארשפארט אין א צעל, ערגעץ אין א באסטיליע. און איצט דערוואַרט אים די תליה. קומט א פינצטערער פרימארגן, ווען „די ראסטיק־גרויע מארגן־שיין פון זיינע טורמע־טעג רינט אריין" צו אים אין צעל און

„אין אזעלכע פיינלעך־שטומע שעהן
דאכט זיך אים,
אז די גאנצע ליכט- און לעבן-וועלט,
וואס איז פון אים אף אייביק שוין
מיט קבר-ווענט פארשטעלט,
איז פארזונקען אין א טיפן מרה-שחורהדיקן גליווער."

ער הויבט אן זען האלוצינאציעס:

„עס קריכן איינער נאכן אנדערן ארונטער,
שאטנס פון די בלינדע ווענט . . .
— — — — — — — — — — — — — — — — —
נאכדעם,
שלייכן זיי זיך שטומערהיים פארביי דאס ביסל פוילע שטרוי,
וואס דינט אים פאר א בעט . . .
— — — — — — — — — — — — — — — — —
און אז ס׳שלייכט פארביי
דער לעצטער שאטן פון דער ריי
בלייבן אלע פלוצים,
ווי אף תליות,
הענגען אף די בלינדע טורמע-ווענט
מיט אויסגעשטרעקטע בעטנדיקע הענט."

גרויל־בילד נאך גרויל־בילד פון דער מענטשלעכער געשיכטע שוועבן פארביי זיינע אויגן: פעלקער־שחיטות, חורבנות, שקלאפעריי, פייניקונגען, בארבארישע ארגיעס, אינקוויזיציע — ביז ענדלעך:

„עס שאריעט אף באגין,
פייער-צונגען לעקן דאס פארקילטע בלוט פון הימל-זוים,
שרפות צינדן אן דעם רוים."

ס׳איז די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציע. עס דויערט אבער אן אויגנבליק — עס קומט דער טערמידאר:

„נאר פלוצים, פאלט דער קאלטער מעסער פון דער גילאטינע
און ס׳לעשט א פרישער בלוט-געפלייץ
דעם אנקום פון באגין."

א שטיקל צייט גייט אוועק, און ווידער „צינדט אפסניי א ווינקל זיך באַם ראַנד" — די פּאַריזער קאַמונע! און ענדלעך:

„פון דער טיפענישׁ פון בראַנד
וואַקסט אויס אַ ריזיק־מוסקולירטע האַנט" —

לעניז!

„און עס קומען
און פאַרגייען
בילד נאָך בילד.
זעט ער:
ס'איז די וועלט
אין יום־טוב איינגעהילט."

באַמערקט: ניט ער האָפט, אָדער ער גלויבט, נאָר ער זעט די וועלט אין יום־טוב איינגעהילט. באַמערקט אויך דעם פּלוצים־געענדערטן מעטער און ריטם, ווי פון פעסטע, זיגרייך־מאַרשירנדיקע מחנות: „און עס קומען, און פאַרגייען — בילד נאָך בילד": קורץ, פעסט, זיכער. ניטאָ באַ אים קיין שפּור פון צווייפל אין דעם ענדלעכן זיג, וועלכן ער זעט שוין מיט זיינע אינעווייניקסטע, באַלויכטענע בליקן. ווער קען דען אַזוי זיכער זען די צו־קונפט, ווי ער, דער דיכטער־זעער פון אַ קלאַס, וואָס טראָגט די צוקונפט, ווי אַ פלאַמיקע פאָן, פאָראויס?

ער זעט: די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע האָט איינגענומען די ערד. ס'איז יום־טוב אַרום דעם ערד־קוגל. מיליאָניקע מחנות קערן זיך אום מיט טריאומף פון פאַרשיידענע שלאַכט־פעלדער. מיליאָנען קומען זיי אַנטקעגן. וועלדער פון פלאַמיק־רויטע פאָנען שליסן זיך צוזאַמען. באַפרייטע ברידער און שוועסטער אומעטום באַגריסן זיך מיט געזאַנג פון זיגער. מיליאָנען־געזאַנג ענטפערט אָפּ מיליאָנען־געזאַנג. געזאַנגען פון פעלקער אין פאַר־שיידענע שפּראַכן פלעכטן זיך צוזאַמען. און אין דער אַלוועלטלעכער סימ־פאָניע פון גרויסן זיג הערט ער:

„סיי ווי סיי
איז אונדזערע די זון!"

ער בלייבט שטיין אַ פאַרגאַפטער:

„דאַכט זיך אים:
עס הילכט אַ גלאָקן־געקלאַנג —
שטייט ער און ער הערט זיין אייגענעם געזאַנג . . ."

סאַראַ פרייד! אָט איז דער גרויסער יום־טוב, וואָס ער האָט אין זיך אויסגעטראָגן, אויסגעחלומט, אויסגעזונגען. זיין ליד איז אַריינגעוועבט גע־וואָרן אין דעם יום־טוב, אָבער ער אַליין ניט. ער וועט דעם יום־טוב ניט דערלעבן. אָט איז ער הילפלאָז פאַרפלאָנטערט אין אַן אַנדער וועב — אין דעם פינצטערן געוועב פון אַ וויסטער שפּין, וואָס באַשפּינט אים אָן אויפהער

מיט פּחד און מיט עקל דאָס איינצל־פּענצטערל אין זיין צעל. און אָט איז זיין גורל: אַ תּליה און אַ פּעטליע! באַלד וועט די פאַרראָסטעטע טיר פון זיין צעל זיך עפענען — צו זיין סוף, צו זיין אונטערגאַנג:

„שטייט ער און ער הערט זיין געזאַנג,
ווי פון שלאָף;
און עמיץ שפּילט אויף שליסלען אויס
אַ ליד פון זיין סוף;
ראַנגלען זיך די טענער
פון אויפקום,
און פאַרגאַנג,
און פלעכטן זיך צונויף אַרום זיין האַלדז,
ווי אַ שלאַנג."

פאַרפאַלן. ניטאָ פאַר אים, אַלס יחיד, קיין אויסוועג פון אונטערגאַנג.

„שטאַרבט אַ לעצטער טאָן פון האָפענונג בײַ אים אין האַלדז.
פילט ער, אַז פאַר אים איז אַלץ געענדיקט — אַלץ."

צום לעצטן מאָל ווענדט ער זיך נאָך „צום חבר אויפן וואַנט", צו לענינען:

„זעט ער, אַז פאַרשוואונדן איז זיין שמייכל,
נאָר זיין האַנט
איז אַלץ נאָך אויסגעשטרעקט אַהין, דאָרט קעגנאיבער."

לענינס אויסגעשטרעקטע האַנט גיט אים מוט, שטאַרקט אים אין די לעצטע מינוטן. ער זעט איין, אַז ער, דער יחיד, דערגרייכט זיין ציל, נאָר ווי אַ טראָפּן אין דעם גרויסן שטראָם פון דער געשיכטע. דער דורות־לאַנגער שטרייט צו באַשאַפן „פון פרייהייט, גלייכהייט אַ גן־עדן" האָט זיך אָנגעהויבן פאַר אים און דער ענדלעכער טריאומף וועט קומען נאָך אים, אָבער ניט אָן אים. אמת, ער וועט דערביי ניט זיין; זיינס אָבער יאָ — זיין ארבעט, זיין טיף־אויסגעוויטיקט און אויסגעשטראַלט וואָרט, זיין פאַרוואונדעט, בלוט־טריפנדיק ליד.

ער איז גרייט. ער קערט זיינע אויגן אַהין, וואוהין דער חבר אויף דער וואַנט ווייזט, און — „עס וואַקסט פון דער פינצטערניש אַרויס אַ שוואַרצע הונגעריקע תּליה" —

„און איבער איר —
אין בלוט און גאָלד
גייט אויף
און צינדט דעם הימל אָן
אַ סערפּ און האַמער."

דער יחיד איז ניט אונטערגעגאַנגען, נאָר אויפגעגאַנגען — אינעם כּלל. דער יחיד האָט זיך אויפגעלייזט אין דעם כּלל און געזיגט מיט אים.

## ז.

„ווער דעם דיכטער וויל פֿאַרשטיין,
מוז אין דעם דיכטערס לאַנד אַריין גיין."

דאָס איז געטעם גוט־באַקאַנטע פֿאָרמולע. מען דאַרף די פֿאָרמולע אויס־ברייטערן: מען מוז אויך גיין אין דיכטערס צייט אַריין, אין זיין קלאַס אַריין, אין זיין סביבה אַריין; מען מוז זיך אומקערן צו דעם דיכטערס יוגנט, צו זיין פּעריאָד פֿון וואוקס, רעקאָנסטרואירן די פּעריאָדן פֿון איבער־ברוך און קריזיס אין דעם דיכטערס לעבן.

דאָס איז אַ שווערע אויפֿגאַבע ווען מען וויל פֿאַרשטיין אַ דיכטער אָן אַ לאַנד, אַ וואַנדערער, פֿאַר וועמען לאַנד און צייט זיינען געווען אַזוי־פֿיל און אַזוי־פֿיל נע־ונד פּונקטן, גרעסערע און קלענערע אָפּשטעל־ערטער, נאַכט־לעגערס — אַ דעקלאַסירטער, וואָס איז פֿון איין קלאַס אַרויס און אין צווייטן נאָך ניט אַריין — און אומעטום אַ גר, אינערגעץ ניט פֿעסט איינ־געפֿונדעוועט.

גרינשפּאַן, ווי דאָס גאַנצע דעקלאַסירטע אידישע קליינבירגערטום פֿון זיין דור, איז געוואָרן פּסיכאָלאָגיש נע־ונד לאַנג איידער ער האָט ווירקלעך גענומען וואַנדערן; ער איז גייסטיק אָפּגעשיידט געוואָרן פֿון זיין שטעטל — דאָס איינציקע אָרט, וואו ער איז געווען באמת איינגעוואָרצלט — אַ סך פֿריער איידער ער איז פֿיזיש אָפּגעריסן געוואָרן פֿון דעם.

אָט ווי גרינשפּאַן מאָלט יענעם פּראָצעס פֿון „גייסטיקן נע־ונד זיין", אין אַן אויטאָביאָגראַפֿישער אַרבעט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן און, צום באַדויערן, קיינמאָל ניט פֿאַרענדיקט:

„ווען מיין טאַטע איז אַוועק קיין אַמעריקע, בין איך געווען נאָך גאָר אַ קליינער אינגל. דאָס וואָרט 'אַמעריקע' איז דעריבער געווען זייער אַן אָנגעזעענער בירגער אין דער טאָג־טעגלעכער שפּראַך בײַ אונדזער משפּחה. איך האָב לאַנג, געדענק איך, געהאַט אַ שווערע אויפֿגאַבע צו געבן אָט־דעם פֿאַר מיר באַליבטן, אָבער אומפֿאַרשטענדלעכן, וואָרט זיין געהעריקן תּיקון, אים צו קאָנקרעטיזירן, אָנצוטאָן אין בלוט און פֿלייש. איך האָב געוואוסט, נאַטירלעך, אַז 'אַמעריקע', דאָס לאַנד וואוהין מיין טאַטע איז פֿון אונדז אַוועק, ליגט ערגעץ אַף יענער זייט ים (אַ וואַסער אַזאַ, אַ גרויסער, אַן אומענדלעכער, וואָס איך האָב אויך קיינמאָל ניט געזען), איז אויך אַ לאַנד מיט אַ הימל איבער זיך, וואָס הענגט פּונקט אַזוי ווי אונדזערער, ווי אַ העל־בלויער קליאַש איבער דער שמייכלענדיקער זון און אַמאָל ווי די פֿאַר־שטויבטע, מיט שפּינוועבס פֿאַרלאַטעטע, דאַך־סטעליע, וואָס איבער דער אַלטער שטעטלשער וואַסער־מיל. די עלטערע אין אונדזער הויז פֿלעגן אָבער דער־ציילן, אַז 'אַמעריקע' איז עפּעס אַן אַנדער מדינה, ניט ווי אונדזערע, אָדער די גאַנצע איבעריקע וועלט, וואָס איז פֿאַר מיר דאַן באַשטאַנען בלויז פֿון פֿעלדער, וועלדער און טייכן, באַשפּרינקלט דאָ און דאָרטן מיט דאָרפֿישע און שטעטלשע הייזלעך, מיט שטרויענע און דריאַנענע דעכלעך.

„דער באַגריף 'אַמעריקע' פֿלעגט פֿאַר מיר אַלע מאָל צעוויקלען עפּעס אַ נעבלהאַפֿטע פֿאַנטאַסטיש־מיסטישע בילד פֿון גרויסע שטעט, פֿאַרוויכערטע,

מיט עלעקטריע, מיט באַנען, וואָס יאָגן זיך אייביק אַרום אין זייער אײַנגעווייד, מיט פאַבריקן און קוימענס, וואָס שטעכן זיך ווי ריזיקע בושלעס מיט זייערע העלדזער און שנאָבלען אין עפּעס אַ פאַררויכערטן הימל אַריין; אַז מען שאַרט דאָרטן גאָלד אין די גאַסן, און אַז דעריבער איז מיין טאַטע אַהין אַוועקגעפאָרן.

„אָט-די אַלע זאַכן האָב איך צו יענער צייט קיינמאָל ניט געזען, און מיין קינדערשע פאַנטאַזיע האָט געהאַט די אמתע עובדא..."

זיבעצן יאָר איז גרינשפּאַן אַלט געווען ווען ער האָט צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע אויסגעוואַנדערט פון זיין געבורט-שטעטל; גייסטיק האָט ער, ווי מיר זעען, אויסגעוואַנדערט נאָך מיט זיבן אָדער אַכט יאָר פריער. די פאַנטאַסטישע לופט-שלעסער וועגן „אַמעריקע", וואָס די קינדערשע פאַנטאַזיע האָט זיך אויסגעבויט אין די יאָרן פון זיין גייסטיקן נע-ונד-זיין, זיינען צעשמעטערט געוואָרן אַזוי שנעל ווי דער זיבעצן-יאָריקער יוסף איז אַרויס אויף דער וועלט און דערזען דיווירקלעכע אַמעריקע.

נאָך אין דער „גרויער תהודיקער צווישן-וועלט", אויפן וועג קיין אַמעריקע, זיינען אים די פאַרגאַנגענע זיבעצן יאָר, די שטעטלדיקע יאָרן, טייער געוואָרן. שוין אויפן שיף, דערציילט גרינשפּאַן אין זיין פּרעכטיק ליד „צו מיינע שטעטלדיקע יאָרן", האָט ער גענומען רופן די קינדער-יאָרן, „אַריין צו זיך אין פּאַזעכע, ווי אַמאָל, אויף אַ פרעמדן דאַך, אַ גוואַלד . . . מיינע בלוי- און זילבער-טייבעלעך, וועלכע זיינען פון מיין טויבן-שלאַק אַנטלאָפן". אַ שרעק איז אים באַפאַלן ווען די רייזע האָט זיך געענדיקט און „משונהדיקע דרילן האָבן עגבערן גענומען דעם מערב-האָריזאָנט"; דעמאָלט, ווען ער האָט דערזען פאַר זיך זיין לאַנג-געטרוימטע אַמעריקע, „אַ בלאַסע האָט מיין שטעטלדיקע זון געפלאַנטערט זיך אין אַ קנויל קאַשמאַרן" און אפילו די שיף, האָט זיך אים געדאַכט, האָט פאַר שרעק געוויינט.

געקומען קיין וויניפּעג, קאַנאַדע, צום טאַטן, איז די אַנטוישונג באַם יונגן בחור געוואַקסן. ער האָט מיטן טאַטן, דעם אין אַמעריקע פאַרביזנעוועטן, ניט געקאָנט אויסקומען, און ער איז אַוועק פון דער היים. דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן יאָרן פון לאַנגע וואַנדערונגען איבער קאַנאַדער וועגן — עלנט, היימלאָז, הונגעריק, אָפט געשלאָפן אויף פעלדער אָדער אין דאָרפישע שטאַלן, וואו געטאָגט ניט גענעכטיקט. צו יענער צייט איז גרינשפּאַן געוואָרן פּאָליטיש רייפער און ער איז אַריינגעטראָטן אין דער קאָמפּאַרטיי פון קאַנאַדע. ער האָט געחלומט אַריבערצוכאַפּן זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אָנקומען אין דעם צענטער פון קולטור און פּראָלעטאַרישער באַוועגונג — קיין ניו יאָרק. דאָרט, האָט ער געחלומט, וועט ער ענדלעך געפינען אַ ציל, אַ זין, אַן אייגענע סביבה, די מעגלעכקייט צו לערנען און צו טאָן זאַכן, צו שאַפן.

אָבער אָט-דער חלום איז ווידער פּונקט אַזוי אומברחמנותדיק צעשמעטערט געוואָרן אָן די האַרטע שטיינערנע ווענט פון דער ווירקלעכקייט, פּונקט ווי די „אַמעריקע-חלומות" פון זיין קינדערשער פאַנטאַזיע.

## ח.

„ווי אַ געפאַנגענער
אין דראָט אין שטעכיקן
— — — — — — — — — — — — — —
צווישן אַ געפלעכט פון טורעם-שפּיצן — —"

אין דעם יאָר 1925 איז אין דעם ווירבל־שטראָמיקן מענטשן־אָקעאַן, אין דעם געפלעכט פון אייזן און זשאַווער, שטיין און בעטאָן, אריינגעפאַלן נאָך אַ דאָרשטיקער טראָפּן — דער 23־יאָריקער יוסף גרינשפּאַן איז אָנגעקומען קיין ניו יאָרק.

ער איז געבליבן געפּלעפּט: איז דאָס זיין „פאַרשפּראָכן לאַנד"? ניין, ער האָט זיך דערפילט ווי אין אַ בלינדן תהום, וואו איין מענטש דעם צווייטן זעט ניט, און איינער דעם אַנדערן איז פרעמד, איבעריק און ווידערווילִיק. ס'האָט זיך אים געדאַכט, ער שטייט באַם ברעג פון אַן אָפּגרונט. קיין פּלאַץ פאַר אים איז נימאָ. זיין אויסוואַל: הונגער, אָדער בעטלעריי.

אָט־דעם געפיל האָט גרינשפּאַן אויסגעדריקט אין איינעם פון זיינע ערשטע לידער, אין דעם ליד מיטן נאָמען, „אָפּן וועג צו זעלבסט־דערקענטעניש". ער זעט זיך דאָרט פאַרלוירן אין אַ תהו־ובהו: „פון אויבן אַ נעבל, פון אונטן אַ תהום", וואו „אומענדלעכע בלינדקייט הילט איין דעם אָרום — דאָ גע־וועלטיקט דער טויט און זיין שטומער געברום". ער שטייט „באַם ראַנד פון אַ פעלז, ווי אַ פאַרגליווערטער מיף":

„עס איז פינצטער אָרום, ער צווייפלט אין זיך,
עס בלאָנדזשען צוויי אויגן און זוכן דעם איך.
און זיי קוקן אַרונטער פון פעלזיקן ראַנד,
גלאָנצן אַריין אין אַ טויב-בלינדן לאַנד."

דער יונגער באַדנלאָזער קליינשטעטלדיקער בחור, דער דעקלאַסירטער ראָמאַנטיקער, זעט דאַן ניט נאָר זיך אַליין, נאָר דעם גאַנצן קאָסמאָס דורך אַ טומאַן פון פאַרצווייפלונג און פּעסימיזם:

„נימאָ דאָ קיין שטח, ניט נאָענט, ניט וויט,
קיין רגע, קיין אייביקייט — עס פעלט דאָ די צייט."

גאָרנישט, „נאָר אומענדלעכע בלינדקייט".

אין אַן אַנדער ליד פון יענעם פּעריאָד („דראַנג") רופט אויס דער פאַר־צווייפלטער ראָמאַנטיקער:

„כ'וואָלט אייביק געפלויגן,
ווי אַ פייל פון אַ בויגן,
איבער וועגן
באַ ברעגן
פון אַ זילבערנעם טייך."

ער וויל אַנטלויפֿן פֿון דערווירקלעכקייט אין דער ראָמאַנטיק אַריין. ער ווייסט אָבער, אַז די ברעגן פֿון אַ זילבערנעם טייך קענען זיין שטורעמדיס נעמיט ניט באַרואיקן. נו, זאָגט ער, וואָלט ער זיך ווייטער

„ . . . האַסטיקער טראָגן,
די אומענדלעכקייט יאָגן,
דערגרייכן די הויכן
פֿון אַ שניי-ווייסן באַרג.״

ער וואָלט זיך דאַן אויפֿגעשטעלט אַ געצעלט אין די הימלישע רוימען „פֿאַר מיר און מיין פֿערד״. און ווען דאָס וואָלט נאָך אַלץ זיין דראַנג ניט געשטילט, וואָלט ער „מיטן בלאַנק פֿון מיין שווערד . . . צעלעכערט דאָס האַרץ פֿון דער זון״, און פּטור — די וועלט וואָלט זיך „פֿאַרלאָשן אויף אייביקן לאַנג״...

דאָ האָבן מיר בולט דעם איינפֿלוס פֿון מאַני לייבס פּעסימיסטישן קליינבירגערלעכן ראָמאַנטיזם, סיי אין פֿאָרם סיי אין אינהאַלט.

:: :: ::

גרינשפּאַנס הימל האָט זיך דעמאָלט אויף אַ וויל געעומען לייטערן. ער האָט געקראָגן אַרבעט אין אַ שיך-פֿאַבריק אַלס „פֿלאָר-באָי״. זיין אַרבעט איז געווען: קערן און ראַמען דעם שאָפּ. ער האָט אָבער באַלד רעבעלירט קעגן שלעכטער און דערנידעריקנדיקער באַהאַנדלונג מצד דעם פֿאָרמאַן, און ער האָט פֿאַרלוירן די אָרעמע שטעלע. שפּעטער האָט ער געקראָגן אַרבעט אין אַ זומער-האָטעל אין די קעטסקיל-בערג, וואו ער האָט, ווי ער דערציילט אין דער פּאָעמע „אין טויזנט לבנה-נסיעות״:

„ . . . געשקראָבעט שיכטן מיט שמוץ,
באַצויגן די וואווילטיק-געצעלטן מיט פּוץ
און געשפּיגן פֿון זיך
דעם עקל פֿון איבערגעקאָרמעטע לייבער.״

דער טומאַן האָט זיך גענומען לאַנגזאַם אויסוועפּן און פֿאַרשווינדן פֿון גרינשפּאַנס האָריזאָנט. אַ סך האָט דאָ בייגעהאָלפֿן די פּראָלעטאַרישע און אַלגעמיינע בילדונג, וואָס ער האָט אין יענעם פּעריאָד געקראָגן אין דעם פֿאָלקס-אוניווערזיטעט, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער אידישער אַרבעטער-אוניווערזיטעט.

געענדיקט דעם קורס אין דעם אַרבעטער-אוניווערזיטעט, איז גרינשפּאַן אוועק אויף אַן אַנדער „קורס״ — ער האָט צוזאַמען מיט זיין חבר ליאַכאָוויצקי געוואַנדערט איבער די פֿאַראייניקטע שטאַטן, באַזונדער אין דער סאַוט, וואו די שווידערלעכע לאַגע פֿון די נעגערס האָט אים טיף גערירט. ער האָט אונדז פֿון יענע וואַנדערונגען געלאָזן דריי איינדרוקספֿולע לידער: „אויף די שליאַכן פֿון דזשאָרדזשיאַ״, „טשעין גענג״ און „דעטה איז אַן דהאַי טרעק״.

אין יענע וואַנדערונגען האָט גרינשפּאַן אויך באַזוכט די קוילן-פֿעלדער אין פּענסילווייניע און אין דער סאַוט. זיינע איינדרוקן פֿון יענער רייזע האָט גרינשפּאַן שפּעטער געמאָלן אין דער פּאָעמע „קוילן״.

אין די לידער פון אָט־דעם פעריאָד איז שוין גרינשפאַן אַ מער רייפער און אייגנאַרטיקער דיכטער. ער איז שוין מער ניט אַזוי אַבסטראַקט־צעשוואומען, ווי אין אָנהויב, און ער ווערט מער רעאַליסטיש. און אַפילו זיין פעסימיזם פאַרניכטעט שוין מער ניט דעם וועלט־אַל און פאַרווישט ניט זיינע סאָציאַלע פערספּעקטיוון און וויזיעס.

אין איינעם פון די כאַראַקטעריסטישע פעסימיסטישע לידער פון יענעם פעריאָד („אַף שוועלן") קלאָגט זיך גרינשפאַן :

„וויפיל שוועלן ס'איז באַשערט מיר צו באַטרעטן,
באַ וויפיל בלינדע טירן ס'עט אויסקומען צו בויגן זיך און בעטן
— — — — — — — — — — — — —
ס'איז מיר ניט באַקאַנט.

דערוויַיל,
אַף וועגן איינזאַמע דורך יאָרן,
שלייך איך ווי אַ שאָטן אום זיך און רוף אַרויס דעם צאָרן
פון די וואָס וואַנדערן ווי איך אַהין צום זעלבן ראַנד,
נאָר זיי באַגעגנט אַלעמאָל די זון...
— — — — — — — — — — — — —
איז וואָס-זשע קען איך טאָן, אַז ס'האָט די זון
פאַרגעסן מיך מסתמא...
— — — — — — — — — — — — —
איז מוז איך דאָן אין פינצטערניש
זיך שאָטענען אַף וועגן
און איינזאַפּן אַ דורשטיקער
די ליכט פון פרעמדע שטעגן."

גלייכצייטיק מיט די פעסימיסטישע לידער שרייבט גרינשפאַן אין יענעם פעריאָד (די יאָרן 1929—1930) אַזעלכע עכטע, טיף־דורכגעפילטע פּראָלע־טאַריש־רעוואָלוציאָנערע לידער, ווי „סיי־ווי־סיי", „דער מאַרטירער", „אַף סקווער און אַף גאַס", און „פערצנטע גאַס".

## ט.

„אין מיטן העלן טאָג
פאַרטשעפּעט זיך אַמאָל די זון
אָן דעם דאַרנדיקן שפּיץ פון דער פאַבריק."

צוויי אַרבעטן, געשריבן אין דעם זעלביקן פעריאָד, אַרום 1929־1930 — גרינשפאַנס שעפערישסטער פעריאָד — איינע, אַ קורץ לירישע ליד, „זון פון מיין בלויער שטעטעלע", דריקט אויס דעם דיכטערס בענקשאַפט צום שטעטל, צו זיין קינדהייט ; די צווייטע, זיין גרויסע פּאָעטישע אַרבעט, „פערצנטע גאַס", דריקט אויס האַס און פאַראַכטונג צו דער ווערימדיקער בורזשואַזער פּסעוודאָ־קולטור, צו איר „וואַנזיניקן חולה־נופל טאַנץ", און די טיפסטע ליב־שאַפט צו דער עקספּלואַטירטער אַרבעטער־מאַסע, און פּראָקלאַמירט דעם

דיכטערס פעסטן גלויבן אין דעם ארבעטער־קלאַס און אין זיין רעוואָלוציאָנערן קלאַסן־קאַמף, נעפירט פון דער קאָמפּאַרטיי, וועלכער „לייטערט זי, און לייטערט אָט די גאַס".

אין דעם ערשטן ליד זעט איר פאַר זיך אַ פאַרבענקטן און פאַרצווייפלטן לירעקער, וואָס שאַרט זיך „ווי אַ וואָרעם . . . איבער חדרים פּיבטע, חשבות־דיקע פון ניו יאָרק" און זוכט אַ וועג צוריק צום שטעטעלע; אין „פערצנטע גאַס" זעט איר פאַר זיך אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס צעגלידערט מיט פאַרניכטנ־דיקער סאַטירע און טיפן האַס די אַלטע דורכגעפוילטע בורזשואַזע וועלט און זעט אַזוי קלאָר און זיכער די סימנים פון געבורט פון אַ נייער וועלט דורך „דעם ערשטן אויפברויז פון אַ בלינד־געהאַדעוועטן קלאַסן־האַס, ווי עס לויכט אויף אַ יונגע, צוקונפטיקע מוטער ווען זי דערפילט דעם ערשטן שטויס פון אַ לעבעדיקן וועזן אין איר שויס".

אין „זון פון מיין בלויער שטעטעלע" פילט גרינשפּאַן ווי עס פילט אַן עלנטער, היימלאָזער מענטש אין אַ מאָמענט פון בענקשאַפט נאָך דער צייט ווען ער האָט געהאַט די פאַרגעניגנס פון אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ בעט און אַ ווייב. אין אַ מאָמענט פון יאוש האָט גרינשפּאַן אַ בענק געטאָן נאָך יענער צייט,

„ווען איך — אַ קינד פון שטעטעלע —
און דו — איר הימלס יונגע זון —
האָבן ביידע זיך אין פעלד אַרומגעשפּילט
ווי אַ אינגל מיט זיין גאָלדענעם באַלון."

ער האָט זיך אָבער באַלד דערמאָנט, אַז זיינע שטעטלדיקע יאָרן זיינען סוף־כל־סוף געווען „פאַרוויאָנעטע זיבעצן קאַשמאַרן" און ער האָט איינגעזען, אַז די שטעטלשע פאַרגאַנגענהייט איז טויט פאַר אים און מוז אָפּגעראַמט ווערן פון וועג, און אַז זיין צוקונפט איז און מוז זיין די צוקונפט פון זיין קלאַס. ער האָט דעריבער אין אַן אַנדער ליד אויסגערופן: „שטעטלדיקע יאָרן, פלאָנטערט זיך ניט מער אין מיין זכרון". אַז אָט דער אויסרוף איז ניט געווען בלויז אַ פראַזע, האָט גרינשפּאַן באַוויזן אין „פערצנטע גאַס".

מען קען זאָגן, אַז אין „פערצנטע גאַס" האָט דער קלוגער, דערוואַקסענער און סאָציאַל־באַוואוסטזיניקער גרינשפּאַן, דער קאָמוניסט, געגעבן אַ גרינט־לעכע „לעקציע" דעם נאַרישן, קינדעריש־פאַרבענקטן, סענטימענטאַלן גרינ־שפּאַן פון „זון פון מיין בלויער שטעטעלע". דאָס ווערט קלאָר פון אַן אַנאַ־לאָגיע אין דער פאָרם פון די צוויי אַרבעטן.

אין דעם קורצן, לירישן ליד רעדט זיך גרינשפּאַן דורך מיט דער זון, ווי מיט אַן אַלטער חברטע פון די קינדהייט־יאָרן, וועלכע איז צוזאַמען מיט אים אריינגעפאַלן אין דעם „געפלעכט פון נעצן ריזיקע", וואָס די גרויע שטאָט האָט „מיט קאַלטע פינגער אייזערנע" פאַר זיי ביידן אויסגעוועבט. ער באַ־דויערט זי, די זון, ווען די ריזן־שטאָט ניו יאָרק האָט „אין אירע שטאָלענע הערנער אַרומגענומען", פּונקט ווי זי האָט אויך אים, גרינשפּאַנען, „איינ־

געשלונגען אין איר פּיכטן, זשאַווערדיקן אינגעווייד". און די זון זעט אים דאָרט אויס „ווי אַ געפאַנגענער אין דראַט אין שטעכיקן . . . צווישן אַ גע־פלעכט פון טורעם־שפּיצן".

און אַט ווי גרינשפּאַן הויבט אָן „פּערצנטע גאַס":

„אויף דעם אינדזל־פּאַס, מאַנהעטן —
וואו סע שטייען טויזנט לייטערס שטאָלענע אָן הימל אָנגעשפּאַרט,
ווי עס וואָלט אַ וויסטער נאַר אַ מעכטיקער
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
. . . קלעטערן געקליבן זיך אַרויף אַהין,
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
צו דער זון, וואָס פּלאָנטערט דאָרט אַ פאַרלאָרענע זיך אום,
ווי אין שטעכיק דראָט..."

די זון איז, ווי מיר זעען, אויך אין „פּערצנטע גאַס" פאַרלאָרן אין שטעכיקן דראָט; דאָך איז זי גאָר אַן אַנדער זון, אַ סאָציאַלע, אַ פּראָלע־טאַרישע, זיכער אין איר כוח און פעסט־איבערצייגט אין איר ענדלעכן זיג.

י.

„ביזט געבוירן אין פאַרנאַכטן
און געלעבט אין אַ צווישן־וועלט.
— — — — — — — — — — — —
און בעת ביזט אויפן שוועל פון צוויי וועלטן געשטאַנען,
און גערופן די נייע אַריין אין דיין שטוב,
איז פון צווינטער געקומען דיין זיידע צו שפּאַנען
און האָט דיך אין זיין סווינטקע פאַרנומען צום גרוב."
(„צו יעסענינען".)

אָט די פּערזן האָבן אויך געקענט הייסן „צו גרינשפּאַנען". אמת, ס'איז אַ גרויסער אונטערשייד צווישן די צוויי דיכטער. גרינשפּאַן איז ניט געבליבן שטיין אויפן שוועל, ווי יעסענין, נאָר ער האָט די שוועל ניט איין מאָל אַריבער־געשפּרייזט און זיך געשטעלט, ווי ס'האָט אויסגעזען, פעסט אויפן באָדן פונעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט. און דאָך האָט ער פון צייט צו צייט נאָך אַלץ געמאַכט עקסקורסיעס צוריק צום עבר, צו זיין קליינבירגערלעכן אַנאַרכיס־טישן אינדיווידואַליזם. און גראָד נאָך „פּערצנטע גאַס", ווען מ'האָט געמיינט, אַז ער האָט שוין פאַרענדיקט זיינע חשבונות מיטן עבר, אַז ער האָט שוין פעסט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר אויף אייביק, און אַז ער, פּונקט ווי די זון פון זיין בלויען שטעטעלע, נאָכדעם ווי זי האָט זיך פאַרטשעפּעט „אָן דעם דאָרנדיקן שפּיץ פון דער פאַבריק", געהערט שוין אין גאַנצן דעם קלאַס פון דער צוקונפט — גראָד דעמאָלט האָט גרינשפּאַן געמאַכט דעם שאַרפסטן אָפּוועגד פון דעם העל־באַלויכטענעם וועג, אויף וועלכן ער איז נאָר־וואָס אַרויסגעטראָטן, ווי ער וואָלט זיך דערשראָקן פאַר דעם בלענדנדיקן ליכט

פונעם פראָלעטאַרישן וועג און צוריקגעשפּרונגען אין זיין שוין־פאַרלאָזענעם, געדיכט־פאַרשאָטנטן, מיסטיש־יחידישן צעל אַריין.

אין יענער צייט האָט גרינשפּאַן אָנגעפירט אין דעם „פראָלעטפּען" — די אָרגאַניזאַציע פון אידיש־פּראָלעטאַרישע שרייבער אין אַמעריקע — אַ קאַמף פאַר זעלבסט־אויסדרוק אין דער ליניע פון קליינבירגערלעכן אינדיווי־דואַליזם. דאָס האָט געפירט צו דער אויסשליסונג פון גרינשפּאַנען און אייניקע פון זיינע נאָכפאָלגער — לייב סאָברין, מעינקע קאַץ, ל. קראַוועץ. אין יענער צייט האָבן גרינשפּאַן און לייב סאָברין אַרויסגעגעבן דאָס ביכל לידער, „ערעוו־צייט".

אין יענער צייט האָט גרינשפּאַן אָנגעשריבן זיין פּאַטעטיש און פּאַטאַלים־טיש ליד „ממעמקים קראתי", וואָס דריקט אויס סיי די טיפע רעאַקציע וואָס איז דאַן אָנגעגאַנגען אין אים, סיי זיין פּחד פאַר אָט דער רעאַקציע און זיין פאַרצווייפלטן אינעווייניקסטן קאַמף זיך צו ראַטעווען פון איר. אין פאָרם איז דאָס ליד דורכאויס מיסטיש־רעאַקציאָנער. עס איז אַ תּפילה און אַ רוף צו „גאָט" — צו זיין גלויבן, צו זיין אידעאַל — וועמען ער האָט דעמאָלט געהאַלטן אין פאַרלירן, אַז ער זאָל אים נאָך אין דער לעצטער מינוט, ווען ער, גרינשפּאַן, שטייט שוין אַפן ראַנד פון אומקום, קומען און אָפּראַטעווען. און צוריקברענגען צו זיך.

ער פילט, אַז אויב ער וואָלט פאַרלוירן אָט דעם גאָט, „וועמען ס'האָט מיין קינדהייט אויסגעבענקט", וואָלט עס געמיינט, „אַז ס'האָט די זון היינט זיך אַליין געבראַכט צו קבורה ערגעץ באַ די אייביק־בלינדע ראַנדן פון דער נאַכט". און ער בעט:

„. . . איך קני פאַר דיר אַצינד, ווען אַף אויסגעשטרעקטע ציטערדיקע הענט
קאָרטשעט זיך אין גסיסה־פּיין, ווי אַ נאַכטיק פלאַטערל, אַ קליינס
באַ אַ צאַנקענדיקער ליכט,
מיין קינדהייטס בלאַסער, אומעטיקער חלום—מיין גאַנצער וועלט־פאַרמעג—
— — — — — — — — — — — — — — — —
מיין רוף פון אומקום־ראַנד צו דיר, אָ קום און העלף מיר, גאָט!"

אין יענעם פּעריאָד איז דאָס מיידל „סאַנטאַלור", דאָס „קאָשמאַר"־מיידל, דאָס מיידל מיט דעם „אָרעאָל אַרום איר פּנים", געקומען אין דעם פּייכטן, חשכותדיקן צימערל פון דעם עלנטן און פאַרצווייפלטן דיכטער און

„דעמאָלט האָט זי פאַר מיר — דעם בידנעם קעניג
פון אַ הינקענדיקן טרויער־טראָן
ווי אַ פאַרפאָלגטע קלעאָפּאַטראַ,
אין אַ הייל ערגעץ פאַר אַ טויטן פּרעהן,
צום ערשטן מאָל געקניט."

אַ כמאַרע האָט דעמאָלט פאַרצויגן דעם דיכטערס הימל און ער האָט געזונגען קאָשמאַר־לידער, דורכגעדרונגענע מיט קרענקלעכער מיסטיק, זעלבסט־פּייניקנדיקע, מאַזאָכיסטישע ליבע־לידער צו זיין „סאַנטאַלוריאַ". ער האָט געזען האַלוצינאַציעס:

„איר פּנים צוגעדעקט מיט אַ בלענדעניש-וואוואַל,
פלעגט זי אין די אָסיענדיקע, וויינענדיקע נעכט
באַ מיין פענצטער אַ שווייגנדיקע וואַרטן —
איך — דער בידנער קעניג איבער חרובע צוועלף יאָר —
זאָל זי באַגלייטן צו אַ מתים-באַל,
צו וועלכן ס׳לאַדט זי איין איר טויטער חתן,
וואָס קומט צו איר אין חלום
אַלעמאָל אין אַזעלכע נעכט.”

פאַרשוואונדן דעם דיכטערס זון, פאַרזונקען אין דעם תהום פון זיינע קאַשמאַרן. אין איין פרילינג־באַגינען, דערציילט ער,

„בין איך באַם ברעג געשטאַנען אַנגעבויגן
און אין דער אָזערע מיין עלנט אָפּגעשפּיגלט —
איז ניט די זון
איבערן וועלדל אויפגעגאַנגען,
נאָר דער אומעט פון דיין פּנים —
סאַנטאַלוריאַ.”

אויס פרילינג — „און ס׳האָט די אָסיענדיקע נאַכט, ווי טויזנט הונגעריקע הינט, איר פּחד אויסגעבילט, גלייך עס וואָלט איר אויסגעדאַכט, אַז עס רייסן מתים אָפּן ווינט און שפּילן אויס אַף הייזעריקע, קראַנקע מאַנדאָלינעס א טויטן־מאַרש פאַר ווענען . . . האָט די נאַכט פאַר ווי געוואָיעט ווען איך האָב געקושט דעם טויט...”

אַלץ וואָס דער דיכטער האָט פריער געבויט, געזאַמלט, איז פאַר אים מיטאַמאָל אונטערגעגאַנגען און ס׳איז אים געבליבן — קאַשמאַר.

„דער קאַשמאַר, דו, איינציק מוידל,
איז מיין גאַנצער וועלט-פאַרמעג.”

ס׳האָט אויסגעזען, אַז ער האָט באמת אַלץ פאַרלוירן. ער האָט אפילו פאַרלוירן זיין קרעפטיקן און אייגנאַרטיקן סטאַקאַטאָ־סטיל.

און אָט ווי דער דיכטער פון „סיי־ווי־סיי” און „פערצנטע גאַס” פאַר־ענדיקט:

„ווער איך הייליק, ווי אַ יעזוס, און איך צינד
דיין טרויער-קלייד אַף דיר,
די לעצטע שפּורן פון דיין שרעק און מיין אייפערזוכט.”

דאָס איז געווען גרינשפּאַנס לעצטער צוריקפאַל אין דעם זומפּ פון אומקום־דעקאַדענץ.

## יא.

דער קאַשמאַר האָט זיך באַ גרינשפּאַנען ענדלעך אויסגעוועבט, דער ריס אין זיין נשמה איז גאַנץ געוואָרן. דער דיכטער האָט פאַרלאָזן אַף אייביק די פּאָז פון אַנאַרכיסטישן אינדיווידואַליזם און פאַרברענט זיינע „הייזעריקע,

קראַנקע מאַנדאָלינעס" אין דעם פּייער פון „יענעם זון־אויפגאַנג, וואָס יונגען האָבן אויפגעצונדן הינטער טאַראַבורעס אַלטער מיל" — אין דער דערמאָנונג פון דער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וועלכע האָט ווידער אָנגעצונדן אין אים די פאַרלאָשענע זון, זיין צובונד און גלויבן אין אַרבעטער־קלאַס, אין דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

אין אָנהויב האָט באַ אים נאָר „צווישן טאָג און נאַכט . . . העל גע־פלאַטערט אַף אַ פלויט אַ שטיקל פון דער נייער זון, אַ פייער־פאָן..."

ער איז ענדלעך אַריבער די שוועל און פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך. די נייע זון איז אויפגעגאַנגען העכער און העלער. עס זיינען געקומען די קרעפטיקע און פאַרבנרייכע פּראָלעטאַרישע פּאָעמעס, „אין טויזנט לבנה־נסיעות" („ס'האָט אַ ווינט זיך צעווייעט קאַפּויער"), „קוילן", און קלענערע אַרבעטן. דער דיכטער האָט גענומען דערגרייכן דעם פולסטן סינטעז פון זיין אייגנאַרטיקן, ליריש־פּאָעטישן אויסדרוק מיט דעם העכסטן שוואונג פון זיין שעפערישער פאַנטאַזיע און מיט זיין רירנדיקן רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס.

אָבער גראָד דאַן ווען די נייע זון, די פייער־פאָן, האָט זיך גענומען אַזוי העל צעשטראַלן אַף דעם דיכטערס וועג — ווען גרינשפּאַן אַליין האָט גענומען אויפגיין ווי „די נייע זון, אַ פייער־פאָן" פון דער אידישער פּראָלע־טאַרישער פּאָעזיע אין אַמעריקע — איז געקומען דער אומדערבאַרעמדיקער שונא, דער טויט, און פאַרנומען דעם דיכטער צו זיך אין גרוב.

דער זינגער איז געפאַלן. דער אָפּקלאַנג פון זיינע טענער הויבט ערשט אָבער אָן צו שטייגן, און ס'איז זיכער: גרינשפּאַנס ניט־פאַרענדיקטע סימ־פאָניע וועט באַגלייטן די אידישע אַרבעטער אַף זייער וועג פון קאַמף פאַר אַ נייער וועלט.

ח. בלעכמאַן.

## דער גייסט פון טאָרקוועמאַדאָ

(צום קאַלאָראַדאָ מיינער-סטרייק, 1927.)

פינצטער.
אַלץ אַרום איז שטום.
פון ווייטן שניידט זיך אַ געברום.
ערגעץ האָט אַ שאַכט
אַ מויל אַ שוואַרצן אויפגעמאַכט.
אַ ווינט.
אַ געוויין פון הונגעריקע הינט.
— או — ו — ו — ו — ו — ו —
און אויפגעוואַכט,
און אַריינגעלאַכט
האָבן טויזנט שדים
אין פּנים פון אַ בלינדער נאַכט —
— או — ו — ו — ו — ו — ו —
און אויפגעפּראַלט
האָט ערגעץ נאָך אַ שפּאַלט,
און ס'האָט אַ שטים
אין אָפּגרונט פון דער לײדיקייט געשאַלט:
— או—ו—ו—ו, קאַ—לאָ—ראַ—דאָ
איך בין
דער גייסט פון טאָרקוועמאַדאָ!
איך
האָב נאַכט אין לאַנד פון זון געשפּרייט;
איך
האָב שוואַרצן מאָן אין דיין האַרץ פאַרזייט!
איצט, שפּאַנט דאָ טויט,
איצט, שפּאַנט דאָ טויט!
איצט, יאָגט מיין וואַנזין אַ טאָרנאַדאָ,
אין אים טראָג איך זיך, קאָלאָראַדאָ,
איך —
דער גייסט פון טאָרקוועמאַדאָ!
כאַ, כאַ,
כאַ, כאַ, כאַ —
און אויסגעוואָרצלט ליגן וועלדער,
און אויסגעשאָכטן, ווי די רינדער,
וואַלגער איך אַף וויסטע פעלדער
דיינע בעסטיעס, דיינע זינדער!

— או — ו — ו — ו — ו — ו —
בלוט!
טויט!
איינגעהילט אין רויט איז נאכט
און איך —
בין וואנזיניק פון מאכט!

— או — ו — ו — ו — ו — ו —

און שטילער האָט דער ווינט
אין חלל זיך באוועגט.
און הונגעריקע הינט
האָבן, גיריק, בלוט געלעקט.
און ס'האָט, ווי א טעמפּע זעג, די שטים
זיך איצטער אין דער חשכות פון דער נאכט געזעגט:

— או — ו — ו — ו — ו — ו —

שוין דוירעס אַלט בין איך
און קאַלט איז מיר
און גוט איז דורכשווענקען דעם האַלדז
מיט בלוט,
מיט יונגן בלוט —
ווי פון אַלטן ווייַן א ווארעמקייט
דורך אָדערן, דורך בלויע, פליסט אדורך
און איבער האָר פון קאָפּ, די גרויע,
טוט א ווינטעלע אזא א שאָרך
און — ס'דוכט זיך:
יונג ווער איך צוריק
און ווי אמאָל,
איבער א בריק פון קערפּערס ווארעמע,
שפּאציר איך דורך דער נאכט
אהין,
אהין צו מוטער הייליקער,
צו בעטן פאַר זיך גליק
און פאַר די נשמות זייערע
די זינדיקע,
וואָס קערן זיך צוריק
צום אַלמעכטיקן . . .

— או — ו — ו — ו — ו — ו —

ניו יאָרק, נאָוועמבער, 1927.

## אַ לעצטער פּרואוו

בלוט.
גאַלאָנען הייסן, מענטשן־בלוט
איעדן טאָג —
אַ לעצטער הייל־מיטל פאַר דיר,
צו אָפּוווייכן
דעם פינצטערן געשפּענסט
פון טויט,
וואָס לויערט באַ דיין טיר.

וואָל סטריט,
ניט געלינגען וועט
דיין לעצטער פּרואוו
צונויפהאַלטן דיין גוף,
דעם קרעציקן —
ער פאַלט זיך שוין פאַנאַנדער.

וואָל סטריט.
אין יעדן ווינקל פון דיין לאַנד,
וואו ס'טאַנצט
דער ראָד
און גאָלד־מאַניאַק
אין געלן וואַנזין־קאַראַהאָד,
צעברויזט אַ קללה זיך,
און ס'הייבט זיך אויף אַ האַנט,
וואָס דריקט צונויף אַ פויסט,
און דראָעט,
און וויקלט אויף אַ טאַנץ —
אַ טויטן־טאַנץ
אַקעגן דיר.

ניו יאָרק, סעפּטעמבער, 1929.

## די מיינער־משפחה

אַמאָל איז זי אַ שיינע געווען,
נאָר דאָס איז געווען אין סיציליע.
היינט איז זי אַ מיינערס אַ ווייב
און אַ מאַמע פון אַ גרויסער פאַמיליע.

אַמאָל האָט זי איר מיידלשן חן
געוויקלט אין שוואַרצע וואָלן,
היינט שטראַלט פון איר פּנים צעכראַסטעט
די נויט פון איסט־סיידער קוואַרטאַלן.

דער מיינער, איר מאַן, איז אַ ריז —
נאָר וואָס טויג ער, אַז ס'פעלן אים הענט —
ער האָט זיי ערגעץ פאַרלאָרן אין גרוב,
זיצט ער און קוקט אויף די ווענט.

ס'ציט אים צו טיף פון דער ערד,
צום שוואונג פון פאַרלאָרענע הענט,
צו ברידער, צום לעמפּל, וואָס האָט
ווי אַן אייגענע זון דאָרט געברענט.

לעבט איצט דער מיינער אַזוי:
ער קוקט און ער רויבערט און שעלט —
און סע זינגען צוויי אַרבל אַ ליד
פון אַ חרוב געוואָרענער וועלט.

ער פאַרטראָגט ניט די גרויקייט פון ווענט,
פון הונגער — דעם קינדער־געוויין,
די קללה פון ווייבעריש ברויט —
שעלט ער זיין אייגן געביין.

צעטראָגט זי איר בראָך איבער גאַסן,
און זאַמלט דערפאַר שטיקלעך ברויט —
און אין שוואַרצן, אויף איסט־סיידער קוואַרטאַלן,
שפּאַנט אַרום אַ שטאָלצע, די נויט.

ניו יאָרק, פעברואַר, 1929.

# קוילן

## 1

גרוי
און אָנגעלאָדן מיט פאַרדאַכט איז דער אַרום.
און שווער
און שטום
און גליווערדיק, ווי קוילן־פלאַכטעס,
שאָטענען זיך שטיקער נאַכט פון שאַכטעס.

אין וואַגאָנעטקעס ליגן אָנגעוואַלגערט
רעשטלעך פון פאַרצוקטע טעג.
ראָסטן אין זיי עגבערן און העק,
ווי ציין פאַרפוילטע פון אַ קראַנקער רויב־חיה,
וואָס האָט זיי אָנגעוואָרן דאָ
און איז אַליין אין אַ באַהעלטעניש אַוועק
באַגעגענען איר לעצטע שעה.

אַ ווינדע *) סטאַרטשעט דאָ און דאָרט, ווי פאַרן ברודנעם הימל אַ פּאָדפּאָרע.
היפערט אום אַף זיי אַ בלודנע קראָ און קראַקעט אין דער וועלט אַריין אַ צרה :
— קראַ, קראַ, פון אַלע עקן לאַנד איך קום,
אַף אַלע קוימען־שפּיצן אויסגעוועזן, און אומעטום
צעשפּרייט איז זי, די גרויל —
בײַ סוויפט און אַרמאָרן, בײַ סטאַנדאַרד אויל,
בײַ בעטלעהעם, בײַ הענרי פאָרד —
ס'האָט מײַן ביסטרע אויג ניט דורכגעלאָזט קיין אָרט ;
אָ, הערט נאָר, הערט נאָר אייער קלאָג,
אַ בית־עלמין איז די ערד, איך זאָג —
ניטאָ קיין סימן פון פּראָספּעריטי אַף איר, ניטאָ,
די לעצטע שאַכט שוין צוגעמאַכט אין דזשאַנסבאָראָ !
קראַ, קראַ, דזשאָן־די־אַמעריקע, דײַן האָבונגוט, דײַן לעבן שטייט אין קאָן —
די זאַווערוכע ווירבלט שוין און טראָגט אַף דיר צען טויזנט
הונגער־מחנות אָן —

קראַ —— —— קראַ —— ——
דזשאָן־די־אַמעריקע ——
דײַן אומקום זאָג איך אָן —— —— ——.

---

*) עלעוויִיטאָר, ליפט.

אױף נעבלען רײַטן בריקן שטאָלענע.
בענקען עקסקאַװאַטאָרן פֿון זײ צו װײַטן
און חלשן אַראָפּ צו קױלן־בערג:
אַמשר קומט דאָרט װער פֿון גליװער װעקן זײ.
אױף פֿעלדער װיקלען װינטן זיך אין װײַסן װירבל־דרײ
און שפּילן זיך אין װיכערלעך
און הילן אײַן די קױלן־בערג
אַלץ מער און מער
אין שנײ.

װעכטער בױערן מיט טעמפּע גנעצן דעם גליװער פֿון אַרום.
און בלאָנקען אום און שפּרײטן פֿױל פֿאַרדאַכט אױף הין־און־הער,
און שעלטן מתים הײליקע און אַ גאָט־פֿאַרדאַמטן לױערנדיקן װער,
און צערטלען ביקסן־שלעסער לאַנג,
ביז זײ בלײַבן שטײן מיט אַקסלען האַרט צו קאָלבעס צוגעשפּאַרט
װי אָט: זײ ברענגען זײער װיסטן גורל אום
און צילעװען אין װינט...

**2**

אין טראַנטעס אײַנגעהילט און אין זײַן קינדערש־ליכטיקן דעליר
האָט אַנטאָני, פֿון טױלערסװיל, דער פּיאָנער,
צו די שאָכטעס נאָך אַ ביסל קױלן זיך געלאָזט.
ס'האָט הײנט פֿון פֿראָסט באַ זײ אין שטוב געפּלאַצט די װאַסער־רער
און ס'האָט שױן לאַנג זײַן שװעסטערל
צום פּוסטן מילך־פֿלאַש אױפֿן טיש זיך ציען אױפֿגעהערט
און קאָרטשעט זיך אין בעטעלע און פֿרירט.

דער װיסטער דרױסן, װי דאָס מױל פֿון כּף־הקלע,
האָט נאָכאַנאַנד אױף אַנטאָנין געשפּיגן גרױל.
נאָר ס'האָט דער גרױסער ציל פֿונעם פּיאָנער פֿון טױלערסװיל
די גרױל פֿאַרנומען און דעם דרױסן אױסגעצירט
מיט װאונדערלעכע בילדער אָן אַ שיר.

אַ װאַרעמקײט גײט אױף אין אַלע אבֿרים. ליכטיק איז אין שטוב.
די מאַמע װיגט אין שױם די שװעסטערל און קװעלט
װי די קױלן גליען, װי דער גאַנצער אױװן גליט.
דער טאַטע איז צוריק שױן דאָ. זײ זיצן זאַלבעדריט.
װי דעמאָלט בעת זײ האָבן אַלע סקעבס פֿאַרטריבן פֿון דער מײַן

איז ער איצט ניט בייז, דער טאטע. זיצט ער און דערציילט
ווי מיט „האָלד די פאָרט"־געזאַנגען זיינען זיי, די מיינער
און די אַנדערע אין וואַשינגטאָן אריין.
און ווי ער אַליין, זיין טאטע דזשים,
האָט פאַרצויגן אַפן קעפּיטאָל די רויטע פאָן ;
און ווי די מיינער האָבן אים דערפאַר דערוויילט
פאַר פּרעזידענט
אין וואַשינגטאָן.

און אַף ווענט און שויבן האָט שוין לאַנג נאָכגעלאָזט דער פראָסט.
און דער אויוון גליט און גליט און דער זאַק איז פול.
און זיי זיצן אַלע באַם טיש, נאָר מער ניט זאַלבעדריט.
באַב איז דאָ. און ניק. און פלעימינג־סאַלי.
טעד, דער אָרגאַנייזער, זיצט איצט לעבן טאַטן, און ער ווייזט אים אָן
ווי ער זאָל באַגיין זיך מיט די באָסעס,
ווי ער זאָל די אַרבעטער באַזאָרגן
מאָרגן, ווען ער'ט ווערן פּרעזידענט
אין וואַשינגטאָן —
מחמת, זאָגט ער, טעד,
ס'קען אמאָל די רעוואָלוציע בלייבן נאָך אין קאָן.
און ער פרעגט זיך פּלוצים, טעד :
— ווי קומט עס וואָס עס גליט באַ אייך אַזוי דער אויוון, ווי ?
און עס ווייזט אַף אים די מאַמע מיט אַ שמייכל און זי ענטפערט :
— ער איז אַ וואַוילער אינגל און אַ בראַווער פּיאָנער, אונדזער אַנטאָני.
טוט ער, טעד, אַ גלעט די האָר אים און דעם אַקסל אַ באַריר
און ער מאַכט אים נאָכדעם גלייך פאַר אַ רויטן קאַוואַלעריע־קאָמאַנדיר.

און ער טראָגט זיך אַף אַ פערד אַ בראַנדיקס, אַנטאָני, פאַרביי
דעם וועכטער קילער־ביל און פּיט דעם שיכור
וואָס האָט אין גרויסן סטרייק דערשאָסן זיין אָנקל סטיוו.
און עס פלאַטערט צו זיין רויטע טיכעלע : „סאָ לאָנג, יו לאַוזי פּולס"
צו סקעבי באַרק און איריש דאַופּ, וואָס פלעגט אין סקול
אים רופן „ראָשאַרעד"
און ט'איינמאָל אויסגעזעצט אַ שויב באַ זיי אין שטוב
ווען פלעימינג־סאַלי האָט מיט זיי, די פּיאָנערן, געשפּילט אין אַ סאַוועט.

און עס יאָגן הינטער אים זיך קלים און דען און מעט פון טוילערסוויל.
און מחנות פּיאָנערן אָן אַ שיר מיט פלאַמענדיקע סערפּ־און־האַמערס.
און זיי אַלע זינגען. און זיי אַלע יובלען. און זיי אַלע רופן —

„האַלד די פֿאַרט —
„האַלד די פֿאַרט, פֿאַר ווי אַר קאַמינג" — — —
— — — — — — — — — — — — — —

3

גרוי.
און קאַלט.
און שטום.
אין פּנים פֿון פֿאַרגליווערטן אַרום
שפּיגלט זיך דער טויט.
און ס'כמורעט איר פֿאַרדאַכט אין אים אַריין די וואָך —
מאַלע ווער עס קומט...

4

אין טראַנטעס און אין פּחד איינגעהילט,
נאָר־וואָס אויפֿגעוואַכט אין אַ גרויליק־פֿרעמדן בלויז,
וואַקסט אַנטאָני, פֿון טוילערסוויל, אַרויס
צופֿוסן פֿון אַ קוילן־באַרג,
ווי פֿון אונטער דר'ערד
אין וויסטן, ווינטערדיקן פֿעלד אַן אויסגעצערטע מויז

אַ רגע גליווערט ער, ווי דאָ, אַף אַט־דער שוועל
פֿון הייסן, קינדערשן דעליר און קאַלטער גרויזאַמקייט
וואָלט פּלוצים זיך זיין לעבן אָפּגעשטעלט;
אַ ווײַלע וואַקלט ער זיך הין־און־הער,
ווי אַפֿן שאַרף פֿון טויט־און־לעבן־ראַנד וואָלט ער
זיין גלייכגעוויכט געזוכט;
און ווידער בלייבט ער שטיין פֿאַרשטאַרט — אים דוכט:
ער הערט זיין מאַמעס רוף, זיין שוועסטערלס געוויין
און טריט פֿון עמיצן וואָס קומט אַלץ נעענטער.
אַהיים, צוריק אַהיים, מיט אַלע כוחות יאָגן זיך וויל ער.
נאָר זיין זשעדנער בליק פֿאַרטשעפּעט זיך און קלעמט זיך איין אין באַרג
און ציט און לאָזט ניט אָפּ.
ס'קוילן־זעקל עפֿנט אויף אַ מויל ווי אין געבעט און זינקט אַראָפּ
און שלעפּט, און שלעפּט אים מיט.
ער טוט אַ וואָרף זיין לייב־און־לעבן, אַנטאָני, צום באַרג
און גראַבט זיך איין

און גראַבלט,
גראַבלט
שנעל — —
— — — — —

— פּראַל — — — —

אַ מויל, אַן אויסגעקרימטס,
שפּייט אויס אַ ווייסן „גאַט־פאַרדאַמט"
און קרימט זיך ווידער אויס.
אַ ביקס פּאַלט פון אַן אַקסל אָפּ
און דריקט זיך ווידער צו
און האַוועט אַף־דאָס־ניי אַרוים: פּראַל — —
— — — — — — — — — — — — — —

אַף פּיצלעך פּלאַצט דער טאָג.
דער באַרג, ווי נאַכט אַ שטיק, צעטאַנצט זיך אין דער לופט.
און קוילן גאַנצע לוסטעס אָנגעגליטע קוילן האָגלען צו די ליפּן, צו די פּיס.
דער דרויסן איז אײַנגאַנצן שוין מיט קוילן אָנגעפּילט.
און זיי פּליען אַלץ ווי פונקען ריזיקע און גליטשן זיך אין האַלדז.
ביז ער לעשט זיך אויס, דער באַרג, און ווערט אַפּסנײַ אין גליוווער אײַנגעהילט.
אין קערפּער רינט אַ מלאָסנע וואַרעמקייט. אין מויל איז נודנע־זיס.
און ס'גראַבלען שטעכלקעס אין רוקנביין.
און אָט: עס רוקט זיך אָן אַ באַרג מיט פּראָסט.
און נאָך איינער. און נאָך. און פּינצטער ווערט.
און פּינצטערער.
און ענג.
און שווער — — —.

— עי, ביג־מעהאָן, דו סטולפּידזשען, לאָז אָפּ — —
מײַן זעקל קוילן גיב מיר אָפּ — — —
ס'איז קאַלט בײַ אונדז אין הויז — — —
מײַן שוועסטערל פון קעלט גייט אויס — — — —
— אוי, סאַלי, טעד — —
נעם אָפּ בײַ אים — —
נעם אָפּ — —
טראָג אָפּ צו אונדז אין הויז — —
מײַן שוועסטערל — — —
מײַן שוועסטערל — — —

פון קעלט — — — —
גייט אוים — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

5

אין מיינער־שטיבלעך קלעטערט אום דער פראָסט אַף ווענט
און מאָלט אוזאָרן אוים פאַר עופּהלעך פאַרהונגערטע
און העלפט די מאַמעס זייערע פאַרשפּילן זיי צום טויט.
גליט די גויט אין ווייטער ווינטער־בראַנד אין פּוסטע אויוועלעך
און טאַנצט און פּיפט צו דאַ־און־דאָרט אַ בייז ניגונדל
צום טאַקט פון אַ מאַמעס וויג־ליד צו אַ קינד,
וואָס גליווערט אַף איר שוים —
איי־לע לו־לע לו.

שלאָף, מיין קינד, דיין לעצטן שלאָף,
פאַרוואָס בין איך ניט דו ;
קומען וועט אַף זיי די שטראָף,
איי־לע לו־לע לו.

ס'איז דיין טאַטע, באַב דער מיינער,
אַ סאָלדאַט געווען ;
וועט אַ ביקס אין האַנט אין זיינער
פאַר דיר זיך רעכענען.

און אויך איך, די מאַמע דיינע,
ווען דאָס וועט געשען,
ניט אָפּשטיין וועל פון רייען זיינע —
ווען קומט דאָס שוין, אַ, ווען.

שלאָף, מיין קינד, דיין לעצטן שלאָף,
ער וועט דיר ברענגען רו ;
ניט וויים, ניט ווייט איז זייער סוף,
איי־לע לו־לע לו.

זיינע יאָרן האָט דיין טאַטע
אָפּגעשוואַרצט אין שאַכט
און געזאַמלט פאַר מאַגנאַטן
הורבעס גאָלד און מאַכט.

איצטער דאַרפֿן זיי ניט מער אים,
זיי האָבן שוין צופֿיל —
נאָר מיר וועלן ניט, ווי ווערים,
אויסגיין אין דער שטיל.

שלאָף, מײַן קינד, דײַן לעצטן שלאָף,
ער וועט דיר ברענגען רו;
שוין ניט ווײַט איז זייער סוף,
איי־לע לו־לע לו.

ניט אַליין איז ער, דײַן טאַטע —
מיר זינגען אָן אַ שיר;
און ווי וועט זײַן צו זיי, די זאַטע,
ווען אויפשטיין וועלן מיר.

דערווײַל, מיט הונגער־באַטאַליאָנען
אוועק אַף וואַשינגטאָן
איז ער — דאָרט ברויט־און־אַרבעט מאָנען
פֿון רויב־ און מאָרד־באַראָן.

שלאָף, מײַן קינד, דײַן לעצטן שלאָף,
ער וועט דיר ברענגען רו;
ניט ווײַט, ניט ווײַט איז זייער סוף,
איי־לע לו־לע לו.

דעצעמבער, 1933.

# באַנאַכט אין גרענד-סענטראַל

שוואַרצע ברידער מיינע,
טאַנצן אויס אין דער שטילקייט פון דער נאַכט,
אין דער רואיקייט פון מירמלשטיין,
אַ טאַנץ פון שוואַרצער אַרבעט.

שוואַרצע ברידער מיינע —
ווי אַמאָל,
ווען זיי האָבן ניט צו זיך געהערט,
אונטער פלאַמען פון אַ פרעמדער זון
אַף דרומדיקע באַוול־פעלדער —
וואָגלען איצט אַרום
איבער אַ פעלד, וואָס גלאַנצט מיט ווייסער האַרטקייט.

שוואַרצע ברידער מיינע —
אין אַ שטייג, וואו ווייסע קאָלאָנען־ריזן
שווייגן אויס אַ שטאָלץ צום קאַלטן גאָט פון ווייסע האַרן.
קריכן זיי דאָ אום;
און שפּרייטן הענט באַקופּערטע;
און קניען דאָ צום מירמלשטיין;
און פּרעפּלען אויס אין נאַכט אַריין
אַ ליד פון שוואַרצער אַרבעט.

שוואַרצע ברידער מיינע —
מיט עמער און מיט האַנטיכער,
מיט באַרשטן און מיט בעזימער —
שפּילן אויס אין נאַכט אַריין
אַ מאַרש צום רויטן מאָרגן.

(1927)

# די באַלאַדע פון דעם נעגער דזשאַנס עלטער-זיידן

רואיק האָבן טונקעלע ריזן
אין יענער ווייטער צייט געלעבט,
ניט געשמידט קיין בלאַנקע שפּיזן,
נאָר טעג פון זון־פעדים געוועבט.

ס'איז די וועלט — נאָך דאַן אַ קליינע —
גרויס גענוג פאַר זיי געווען ;
און די ערד וואָס היינט אַ זקנה,
אַנדערש האָט דאַן אויסגעזען.

עס פלעגט אַ יונגע זון דאַן וועבן
טעג פון שטראַלן לויטער גאָלד,
און אין אַ ים פון ליכט פלעגט שוועבן
בארג און טאָל און סטעפּ און וואַלד.

און געוואַקסן זיינען גראָזן,
שטאָלצע וועלדער ווילד און פריי,
זיינען טייכעלעך געפלאָסן
שטיל און שמייכלענדיק דערביי.

מ'פלעגט דאַן ברויט געמיינזאַם קלייבן
און זיך טיילן גלייך אַף גלייך
און ס'פלעגט אַלץ נאָך איבערבלייבן,
אָט, ווי פיש דערביי אין טייך.

האָבן נאַכטיקע לאַזורן
צאַרט די וועלט אין שלאָף פאַרוויגט,
און געטובלט ערד אין טויען,
און אַ ברכה צוגעשיקט.

פלעגן מאָרגנס זיך צעוויסלען
פורפור־גאָלדיקע אַזוינע,
פלעגן לייבער זיך אויפרינגלען
בא ריזן־שוועסטער, טונקל־ברוינע.

און די ברידער — ניט געצאַמטע,
ווי דער אָדלער, ווי דער סטעפּ,
פלעגן פלעכטן זיך צעפלאַמטע
אין לייבער שוועסטערשע, און צעפּ.

פֿלעגן טעג אַף אַלץ צעגיסן
אַ פֿרייד אַ זוניקע, אַ ברען —
און ניט געוואָלט האָט ווילדער וויסן
ווי אַזוי דאָס קאָן געשען.

נאָר צוזאַמען מיט די פֿינגלען,
די באַזינגער פֿון דאָס זיין,
דאָס ליד פֿון לעבן זיך געשפּונען
און ניט געוואַקסט פֿון פּיין און וויין.

טאָמער פֿלעגט אַמאָל, פֿאַרנאַכטן,
אין זיין האַרץ אַ בענקשאַפֿט נאָגן,
אַף אַ פֿערד אָן אָנגעגורטן
פֿלעגט דער ריז זיך דאָן צעיאָגן.

און זיך טראָגן און זיך טראָגן,
אַזוי דורך נאַכט ביז אין פֿאַרטאָגן,
ביז ער פֿלעגט די פֿרייד געפֿינען
אין דעם אָנקום פֿון באַגינען.

און צוריק דער זון אַנטקעגן,
איבער פֿרייע ברייטע וועגן
פֿלעגט דער ריז זיך בליציק שווינגען
און אַ ליד צום לעבן זינגען.

אָט אַזוי האָבן דורות שטאַמען
זיך צעוואָרצלט, ווי דער וואַלד,
און געמערט זיך, ווי די שוואָמען
און ניט געוואַקסט פֿון קיין געוואַלד.

זיך ניט געשראָקן פֿאַרן טייוול,
און ניט געקענט קיין גרויען גאָט —
נאָר געהאַט אַ זון, אַ הימל,
און אַ פֿרייען ערד־געבאָט.

— — — — — — — — — —

אָפּטמאָל, פֿלעגט אַ נאַכט אָנקומען,
אין אַ פֿינצטערניש פֿאַרהילט.
פֿלעגט זיך דאָן דער וואַלד צעברומען,
האָט דער סטעפּ זיך דאָן צעברילט.

אין אַ בייזער נאַכט אזוינער,
אַז דער הימל פלעגט זיך שפּאַלטן,
פלעגט דער ריז דער טונקל־ברוינער,
טיף אין הייל זיין אָטעם האַלטן.

אין אַ בלינדער נאַכט אזוינער,
ווען דער שלאָף איז וואַך געווען,
האָט אַ ריז, אַ טונקל־ברוינער,
צום ערשטן מאָל דעם טויט דערזען.

האָט דער ברוינער ניט באַנומען
און געציטערט אַזש פאַר שרעק:
— וואָס געשען איז? פון וואַנען איז געקומען
זיין ברודער, וואָס שוין לאַנג אַוועק?

און ער שטייט דער ריז, דער ברוינער,
און ער גלויבט ניט וואָס ער זעט;
ביז אַ קול פון ערגעץ הערט ער,
עפּעס, דוכט זיך עמיץ רעדט:

„איך בין ניט מער קיין ברודער דיינער" —
אים דוכט זיך עס רעדט אַזוי דער טויט —
„אַ קנעכט אויף אייביק ס'ט בלייבן מיינער,
מיך דינען וועסטו פאַר דיין ברויט..."

— — — — — — — — — —

האָט אַמאָל אַ ריז אַן אַלטער
אין אַ נאַכט אַ טרוים געזען,
אַז קומען וועט אַ טאָג אַ קאַלטער
און עפּעס אַנדערש וועט געשען.

עפּעס וועט געשען אַזעלכעס,
כאָטש ער קען דאָס ניט פאַרשטיין,
דאָך — ס'איז שרעקלעך, יאָ ער פילט עס:
וואַגלען וועלן קינדער גיין:

ערגעץ ווייט אויף פרעמדע וועגן,
אין אַ פּראַסטיק־קאַלטן לאַנד,

וועלן מענטשן־קינדער אף שטענן —
זיך באַוועגן נאָכאַנאַנד.

ווייט אַריבער אָקעאַנען,
אַף יענער זייט פֿון הימל־ראַנד,
וועלן ציען קאַראַוואַנען
קינדער, דורות דורכאַנאַנד.

און וואו עס פּייפֿן, וואָיען ווינטן,
וויינען דורך אַ לאַנגער נאַכט,
וועט אַ ברודער שעלטן, שימפֿן
זיין געביין און מוטערס טראַכט.

וואו עס פֿעלן זונען־שטראַלן,
וואו דער הימל איז אייביק שוואַרץ,
וועט אַ ברודער זיין הונגער שטילן
מיט זיין אייגן ברודערס האַרץ.

ענגער וועט די ערד דאַן ווערן,
דעמאָלט הערשן וועט דער קנוט;
און אַ ברודער וועט זיך נערן
אַפֿן צווייטן ברודערס בלוט.

און אין אייביקן געראַנגל
וועט אַנטשיידן נאָר דער שווערד,
וועלכער שטאַם צוליבן מאַנגל
זאָל פֿאַרשווינדן פֿון דער ערד.

— — — — — — — — — —

אין קאָשמאַרן אַ פֿאַרהילטער
שווידערט דער אַלטער אין זיין שלאָף,
און פֿאַרביי אים שלייכן בילדער —
נאַכט־געשפּענסטער — אָן אַ סוף.

און ער ליגט דער ריז, דער אַלטער,
און ער ווייסט ניט דעם באַדייט
פֿון די פֿרעמדע שרעקנס־בילדער,
פֿון דער פֿרעמדער, ווייטער צייט...

— — — — — — — — — —

אזוי האָט צייט זיך טעג געשפּונען
און געוויקלט קנוילן יאָרן,
זיינען יאָרן זיך צערונען —
זיך אין אייביקייט פאַרלאָרן.

לאַנג פאַרשוואונדן זיינען ברוינע —
יענע געטער פון דער ערד;
נאָכדעם האָט א ווייסע זונה
א ניט־ערדישן באַגערט.

און איינמאָל אין א נאַכט א בלינדער
האָט דער הימל זיך צעשטראַלט:
און צו דער ערד צו ווייסע זינדער,
איז אַראָפּ א הימלישע געשטאַלט.

זיינען סטעפּעס איצט מזבחות,
וואו א הימלישער סאַדיסט
הייליקט, קרייציקט דורות, דורות —
קינדער פון דעם אַלטן ריז.

זיינען וועלדער איצט בית־עולמס,
וואו ס׳פייפט א קלאָג־ליד אויס א ווינט,
סטאַרטשען ביימער גרויע צלמס
און אף קברים וואַיען הינט.

— — — — — — — — — —

לאַנג שוין האָבן יענע ריזן
זיך מיט אייביקייט באַהעפט;
ליגט זינט דאַן די ערד צעריסן,
וויינט מיט בלוט די זון איצט אָפט.

און ס׳קאָרטשעט ערד זיך אין קאָנוואולסיעס,
ווייל ס׳וויל דאָך לעבן ניט פאַרגיין —
האָט דאָס בלוט פאַרטרונקען סטעפּעס,
איז פאַרוואַנדלט וואַלד אין שטיין.

יאַנואַר, 1927.

# דער רויטער קוריער

טראָג זיך, טראָג זיך „וועסטערן אָלימפּיק",
האַסטיק, בליציק שנייד זיך דורך דער נאַכט,
יאָג זיך, יאָג זיך אין וואַנזיניקן אימפּעט —
ערגעץ באַ אַ בריקל שטייט עמיצער און וואַרט.

האָסט אַ בעט געבעט זיך פון פּאַסיפיק ביז אַטלאַנטיק,
האָסט אַ וועג געצויגן פון ווייסן האַרטן שטאָל,
טאָ יאָג זשע זיך און טראָג זיך, „וועסטערן אָלימפּיק",
אַף דיין רוקן טראָגט זיך אַ רויטער אַפּאָסטאָל.

יאָג זיך, טראָג זיך „וועסטערן אָלימפּיק",
וויג זיך, ווי אַ וויכער פון סאַן פראַנציסקאָ ביז ניו יאָרק:
הייב די פּאַרע, הייצער, שווינג דעם רידל פליסיק —
וויים, עס רייט אַ ברודער אַף דיין מאַנסטערם קאַרק.

ריר זיך, אייל זיך „וועסטערן אָלימפּיק" —
מיילן, שטונדן ציילט ער און ער וואַרט,
גליטש זיך איבער פּליינען, שפּרינג אַריבער בריקן —
אַף דיין קאַרק אַ נעגער טראָגט זיך דורך דער נאַכט.

„פּלי־זשע, פּלי־זשע, זון פון ווייסן טייוול,
כ'בין אַ רויטער שליח — כאָטש מיין הויט איז שוואַרץ,
כ'אייל זיך, כ'אייל זיך — ניט צו קיין „רעוויוול" —
כ'טראָג אַ נייעם אָנזאָג, פאַרזיגלט אין מיין האַרץ.

„כ'בין אַ רויטער קוריער פון דער טיפעניש פון וועלדער,
פון מינעס און פאַבריקן, פון אונטער דער ערד —
היט זיך, היט זיך, עס טראָגט דעם האַס פון ברידער
אַן אומבאַזיגבאַרער ריטער אַף אַ שטאָלן־פערד."

:: :: ::

ס'יאָגט זיך, ס'טראָגט זיך דער „וועסטערן אָלימפּיק",
אין אַ פּולמאַן, באַטרונקען ליגט אַ מינען־באַראָן:
וואַרטן זונות און דינער אָפן באַפּעל פון אַ קעניג —
אין דערוואַרטונג ליגט אַ נעגער אָפן דאַך פון וואַגאָן.

ניו יאָרק, 1928.

# אַף שליאַכן פון דזשאָרדזשיאַ *)

(פון מיינע וואַנדערונגען אין דער סאַוט)

אַף ביידע זייטן
פון דעם שלענגלדיקן וועג
כוואַליען פעלדער זיך
באַלאַדענע
מיט ווייסער מזל־ברכה.
אַף יעדן פעלד,
אַ באַהאַנגענע מיט זעק,
וואָגלט אַנגעבויגן אום
אַ נעגערשע משפחה.

פון באַגינען ביז אין אָוונט
שטייען הייזלעך דאָ פאַרלאָזטע —
זעקס פענים פאַר אַ פונט
צאָלט דער האַר דער ווייסער
פאַרן באַוול קלייבן:
מוז גיין אין פעלד
דער טאַטע,
דאָס קינד,
די באַלעבאָסטע —
עלף פונט באַוול אַ דערוואַקסענער, אַ טאָג —
טאָר אין הויז דאָס קליינוואַרג ניט פאַרבלייבן.

---

*) דאָס איז די ערשטע ווערסיע פון דעם ליד, ווי זי איז געווען געדרוקט אין דער „פרייהייט", אין אויגוסט, 1929. פאַר דעם זאַמלבוך „ערעוו־צייט" האָט גרינשפּאַן פאַרגרעסערט די צווייטע סטראָפע פון דעם ליד און פאַרלאַנגזאַמט איר טעמפּאָ. די ערשטע און די דריטע סטראָפעס זיינען די זעלביקע אין ביידע ווערסיעס. די נייע סטראָפע לייענט זיך:

פון באַגינען ביז אין אָוונט
שווארצן זיך דאָ הייזעלעך פאַרוואָרלאָזט,
ווי רעשטלעך קינדער־שרעק,
וואָס נאַכט האָט דאָ און דאָרט פאַרלאָרן.
„פאַרן באַוול קלייבן —
צאָלט דער האַר, דער ווייסער,
זעכציק פענים פאַר אַ הונדערט פונט;
און מעג די ניכפּע צאַפּלען דיינע הענט,

פון באַגינען ביז אין אָוונט
האַלט די דרומדיקע זון אין בראָטן.
זייגען אויסגעפּוצט דאָ פעלדער
אין זילבער און אין פייער.
איז דאָ יעדער נעגער
אַ וואַגלענדיקער שאָטן,
וואָס ציט זיך צו אַ „לינקאָלן” —
אַן אמתער באַפרייער.

פרילינג, 1929.

---

ווערסטו ניט קענען מער ווי אַ דאָלאַר צוואַנציק סענט
אַריינשפּאָרן אין אַ זאַק —
מוז מען דאָך דעריבער,
אַנשטאָט ערגעץ אין אַ שול
צו לייענען אַן אות,
אהער אין פעלד אַריין
צווישן דערנערדיקן גראָז
דאָס בידנע קליינוואַרג טרייבן.”

דער חשבון שטימט ניט אין די צוויי ווערסיעס. איך שלאָג פאָר פאַר שולן, וועלכע באַנוצן די ערשטע ווערסיע, אַ קאָמפּראָמיס: „זעקס פּענים פאַר צען פונט” אַנשטאָט „זעקס פּענים פאַר אַ פונט” און „הונדערט פונט באַוול אַ דערוואַקסענער, אַ טאָג” — אַנשטאָט „עלף פונט”. — מ. ב.

# CHAIN GANG

— לעכאָוויצקין, מיין מיט־בראָדיאַגע.

דרעמלענדיק
סלעטערט און קנוילט זיך
דער וואַלד אַפֿן קאַרק פֿון דעם באַרג,
ווי וואָל אַפֿן האָרב פֿון אַ קעמל.
שלענגלט זיך שאָרכלאָז
דער שליאַך דורכן וואַלד,
ווי ער וואָלט אים ניט וועקן געוואָלט
פֿון זיין אייביקן דרעמל.

פֿון סאַמע באַגינען
אָטעמט מיט מידקייט און ציט זיך
דער טאָג
באַרג־אַרויף,
ווי אַן אויטאָ אַ שווערער מיט משא באַלאָדן.
שטעקט איצט אין מיטן צעפּריעטן הימל
די זון
אַ פּאַרשוויצטע
און קאַפּעט מיט שווייסיקע שטראַלן.

ווי אַ וואָגלער אַ מידער אין מדבר
האָב איך פֿון סאַמע באַגינען
צעברענטע, פּאַרחלשטע טריט
פֿון זאַמדיקן, העלישן שליאַך
געצויגן;
ווי אַ וואָגלער אין מיטן פֿון מדבר
האָב איך אַן אומענדלעך־לאַנגן פֿרימאָרגן
מיט אָפֿענע דורשטיקע אויגן
געחלומט
פֿון שאָטנס פֿון סאַמעט פֿון גרינעם,
באַשפּרינקלט מיט טוואיקן שימער,
וואָס וויגן אין דרעמל זיך אום
און שפּרייטן אַ טונקעלע מילדקייט אַף אַלץ
און וויקלען אין הייליקער רואיקייט איין
דעם שפּיץ פֿון דעם באַרג.

איצט —
אַף אַ נאַקעטן פֿעלז,
ווי אַף אַ גיגאַנטישן צאָן
פֿון אַ פֿאַנטאַסטישער, גרויזאַמער חיה,

וואָס שפּיצט זיך מיט רוגזה אַרויף צו זון,
וואָס איז שטעקן געבליבן אין מיטן צעפּריעטן הימל;
אַף אַ נאַקעטן פעלז —
וואָס זויגט אין זיך דורשטיק אַריין
דעם שוויים פון מיין ליב;
אַפן קבר
פון אַ נאַר־וואָס־פאַרשטאַרבענעם חלום
פון אַ שפּיץ פון אַ באַרג,
וואו שאָטנס פון סאַמעט פון גרינעם,
באַשפּרינקלט מיט טויאיקן שימער,
וויגן אין דרעמל זיך אום
און שפּרייטן אַ הייליקע רואיקייט אויס
און וויקלען אין טונקעלער מילדקייט אַלץ אַיין —
ליג איך דערשלאָגן אַ מידער
און הער:
פאַרזשאַווערטע קייטן,
ווי סטרונעס
געצויגן אַף לייבער פון מענטשן,
שפּילן אַף שטיינער אויס
לידער פון האַס
צווישן ברידער;
און זע:
ווי שטרויספייגלען בלאָנדזשען אין מדבר אַרום,
וואַגלען ברוינהויטיקע ברידער דאָ אום
פון ברידער, פון ווייסע געפּענטעטע
אין אייזערנע קייטן.

האַלדזן ברוינהויטיקע ברידער
דעם גליאיקן שטיין,
טרינקט ער פון לייבער פון מידע
דעם שטומען געוויין
און — פאַלט זיך אַף ברעקלעך פאַנאַנדער.

נאָר טיפער פון אייזערנע פּענטעס אין לייב
שניידן זיך שטאָלענע בליקן
פון ווייסן זשאַנדאַרם, וואָס טרייבט.

האַלדזן פאַר ווייטיק ברוינהויטיקע ברידער
דעם גליאיקן שטיין
און — לאָזן אים זויגן פון לייבער פון מידע
דעם שטומען געוויין.

1929.

# "DEATH IS ON YOUR TRACK"

(פון מיינע וואנדערונגען אין דער סאוט)

1

ט ו י ט ־ ש ר ע ק

„עי, אינגעלע, ווי ווייט איז צו אגאסטא?"
אזוי האב איך, א ווייסער וואנדערער,
א פרעג געטאן א קינד פון ברוינעם שטאם,
וואס האט געבאדן זיך אין שוויים
בא א ברעג פון א שוימענדיקן באוול־ים,
אינעם לאנד פון נעגערן, אין דזשארדזשיא.

„עי, אינגעלע, ווי ווייט איז צו אגאסטא?"
האב איך געבעטן זיך באם קינד פון ברוינער הויט,
נאר ניט קיין ווארט, א שמייכל א פארפרוירענער
איז געהאנגען בלויז אף פערלדיקע ציין;
די אויגן, ברייט־צעעפנטע, פארשטארבן זיינען אים,
זיך אפגעשפיגלט האט אין זיי דער טויט
און אזוי פארגליווערט איז דאס ברוינע אינגעלע
געבליבן שטיין
ווי אויסגעהאקט פון בראנז.

2

ז י י ן ט י י ו ו ל א י ז א ו ו י י ס ע ר

בלאנקע איך אזוי א מידער און איך טראכט:
געזען אודאי האט אין מיר דאס קינד דעם טייוול.
אז דער טייוול איז א ווייסער
און דרייט זיך אפן שליאך,
האט מסתם אמאל די באבע אים דערציילט,
ווען זי אהיים געקומען איז פון א רעוואיוול.

3

*"Death is on your track"*

בלאנקע איך זיך ווייטער און איך טראכט,
ביז דער וועג דערשלענגלט זיך צו נאכט,

וואָס רוקט זיך אָן אויף מיר, ווי אַ פּלאַכטע מרה־שחורה;
און — פֿון אַן אַלטן, הויקערדיקן דעמב —
ווי אַ פֿלעדערמויז, וואָס קלייבט זיך אויפֿנעמען איר שוואַרצן גאַסט —
ווינקט צו מיר מיט ווייסן האָר און מיטאַלטער־שרעק
עפּעס אַן אויסטערלישע וואָרענונג:

"Death is on your track"

4

## אַ מתים־געפּעכט

ס׳האָט לאַנג שוין די חשכות פֿאַרטרונקען
דעם וועג און די שרעק.
ליג איך אין מידקייט פֿאַרזונקען
און ס׳דוכט מיר — איך זע:
דאָרט וואו דער דעמב איז געשטאַנען
קנוילט זיך פֿאַנאַנדער אַ מתים־געפּעכט.
אָט, שטייט ער, סיימאָן לעגרי, דער ווייסער האַר —
געקומען פֿון אַלט־קענטאַקי אַהער —
נאָר איצט האַלט ער, גלחיש, אַ ביבל אין האַנט
און מיט דער בייטש זיינער פּאַטשעט גאָר יעזוס, זיין קנעכט,
אַראָפּ פֿון אַ גאָלדענעם צלם, וואָס פֿלאַמט אויף זיין ריזיקער ברוסט:
און ניט איבער „אַנקל טאָמען" — דעם שוואַרצן נאַר —
איצט קאַרטשעט זיך אין שטומן צער
דער אַלטער נעגער־באַפֿרייער —
לינקאָלן.

5

## *Beware of Uncle Tom*

פֿון ערגעץ פֿון נאַכטיקער טיף,
ווי אַרויס פֿון דער ברוסט פֿון דער ערד,
צעפּראַלט מיט אַ סוויסטש זיך אַ קול
און שפּאַלט זיך אין חשכות אַריין,
ווי אַ בייטש פֿון בליץ און פֿון שטאָל:

—"Simon Legree,
Beware of Uncle Tom, the black,
For he is Death upon your track."

פּרילינג, 1929.

## כ׳בין א גייענדיקער דאָרן

ווי א שונאם וויסטער חיל
דורך א בליענדיקן גאָרטן,
האָבן דורך מיין קינדהייט זיך געטריבן
מיינע יאָרן.
איז מיין יוגנט
הויל,
און הארט,
און שטעכעדיק פארבליבן.
בלאָנקע איך זיך אום אצינד
און באָט מיין בייזקייט אָן צו מענטשן,
ווי עס פּלאָנטערט זיינע נעגל
צווישן צארטע פלאנצן
א פון־ווינט־פארשניטענער און וואָגלענדיקער דאָרן.

שלעפּן זיך אזוי,
דורך דער עלנט פון מיין יוגנט,
טעג,
אי לויטערע,
אי כמורנע.
נאָר אלע פאלן זיי און שטארבן אַף מיין פּנים
און לאָזן אַף אים איבער,
ווי פארוואונדעטע און טויטע אַף א שלאכט־פעלד,
בלויז
אונטערגאנג־סימנים.

ניו יאָרק, מערץ, 1928.

# זון פון מיין קליינער שטעטעלע

זון פון מיין בלויער שטעטעלע —
ס'האָט דיך
די ריזן־שטאָט ניו יאָרק
אַף אירע שטאָלענע הערנער אַרויפגענומען,
און מיך
האָט זי איינגעשלונגען
אין איר פּייכטן, זשאַווערדיקן אינגעווייד.

זון פון מיין בלויער שטעטעלע —
ווי עס וועבט אונטער אַ סטעליע ערגעץ אוים
מיט אירע דאַרע, לאַנגע נאָדל־פינגער
די גרויע שפּין
איר שפּינוועב פאַר אַ וואָגלענדיקער פליג,
אַזוי האָט מיט קאַלטע פינגער אייזערנע,
די גרויע שטאָט
איבערן הימל
אַ געפּלעכט פון נעצן ריזיקע
אויסגעוועבט פאַר דיר.

איצט —
ווי אַ געפאַנגענער
אין דראָט, אין שטעכיקן,
פּלאָנטערסטו זיך אום
צווישן אַ געפּלעכט פון טורעם־שפּיצן,
איבער אַ הימל אַ צעלעכערטן,
ווי דו וואָלסט אַ וועג צוריק געזוכט,

צוריק צו דער בלויער שטעטעלע
און צום „סטאראָנייעם וואלד".

זון פון מיין בלויער שטעטעלע —
ווי אַ וואָרעם שאַר איך זיך
איבער חדרים פייכטע, חשבותדיקע,
פון ניו יאָרק;
בלינד, ווי אַ וואָרעם,
ציִ איך זיך
דורך אירע בלינדע, אונטערערדישע
כּף־הקלע־לאַבירינטן,
און זוך דעם וועג צו יענער צייט,
ווען ס'איז פאַר מיר די גרויע וועלט די שטאָטישע
אין בלויע שלייערן געווען נאָך איינגעהילט;
צו יענער צייט,
ווען איך — אַ קינד פון שטעטעלע —
און דו — איר הימלס יונגע זון —
האָבן ביידע זיך אין פעלד ארומגעשפּילט,
ווי אַ אינגל מיט זיין גאָלדענעם באַלון.

אויגוסט, 1930.

# צו מיינע שטעטלדיקע יאָרן

— לייבעלען.

שטעטלדיקע יאָרן מיינע,
ווי וויאַנעלנדיקע זיבעצן קאָשמאָרן
פלאָנטערט איר זיך אום אין מיין זכרון.

1

שטעטלדיקע יאָרן מיינע,
ווען אפן רוקן פון דער „קאָרסיקאַן"
האָבן מיינע בליקן
פון בין־השמשות־שטראַלן
קאַנאַטן אויסגעשפונען
און אומזיסט
צו די ברעגן פון מיין קינדהייט זיי פאַרצויגן,
זיינט איר, אין בלוי־ און זילבער־אויסגעפוצטע,
אַלע זיבעצן מיר נאָכגעפלויגן.

אַליין, אין אַ גרויער, תוהודיקער צווישנוועלט,
בין איך אפן דעק פון שיף געשטאַנען
און אייך אַריין צו זיך אין פאַזעכע גערופן,
ווי אַמאָל, אף אַ פרעמדן דאַך, אַ גויאישן,
דאָרטן אין מיין שטעטעלע —
מיינע בלוי־ און זילבער־טייבעלעך,
וואָס זיינען פון מיין טויבנשלאָק אַנטלאָפן.

איז אַזוי אַ טאָג פאַרגאַנגען
און מיט זיך יענע ברעגן מיינע צוגענומען.
און אַזוי איז נאָך אַ טאָג אַוועק,
און נאָך איינער פאַרשוואומען,
ביז עס האָט, פאַר שרעק, מיר אויסגעדאַכט:
אויך איר זיינט אין די טיפענישן אומגעקומען.
נאָר אפן צוועלפטן טאָג,
ווען משונהדיקע דרילן
האָבן עגבערן גענומען דעם מערב־האָריזאָנט;
ווען עס האָבן שפּיצן פון אַ גרויען וואַלד, אַ שטיינערנעם
דעם הימל־זוים געקעמט,
האָב איך, אייך — יאָרן מיינע שטעטלשע —

ווי בלוי־ און זילבער־פלאַטערלעך,
צווישן מחנות שוואַרצע, ריזן־רויבפייגלען
דערקענט.

אַ בלאַסע האָט מיין שטעטלדיקע זון געפּלאָנטערט זיך
אין אַ קנויל קאַשמאַרן;
און, מיר דאַכט — עס האָט פּאָר שרעק געוויינט די „קאַרסיקאַן",
ווען דער ים האָט אויסגעשפּיגן זי
צו אַ ברעג
פון אַ וועלט אַן אַנדערער, אַ גרויער און אַ האַרטער;
און ווען איך,
אַ פּינטעלע באַוואוסטזיין,
אין לויטער שרעק און גאַף,
ביז, ווי אדם נאָכן סוף פון זיין באַשאַף,
געשטאַנען אין אַ גרויזאַמען און אומבאַקאַנטן, בראשיתדיקן תהום
און איך — מיינע בלוי־ און זילבערנע געדעכענישן —
אומזיסט אַרומגעזוכט...

2

שטעטלדיקע יאָרן, מיינע,
ס'האָט די שטאָט זינט דאַן אַ צענדליק נייע יאָרן
פון בעטאָן
אין מיר אַריינגעגאָסן.
וועל איך קיינמאָל מער ניט לויזן
מיין מאַמעס חלום
איבער געלע, קראַנקע נידה־בלעטער,
בײַ דער הרובע דאָרטן אין דער צעפּרער קלויז;
וועל איך קיינמאָל מער ניט זינגען
פון דעם טרוימערישן כניאָק,
וואָס נאָגט זיין אומעט אוים
פון דער שטעטלדיקער בלאָטע
און שענקט איר דער פּאַרטראַכטקייט פון זיין בלאַסער מיידל,
ווען עס גענעצט אוים דער קלויסטער־גלאָק
דעם לאַנגווייל פון פאַרנאַכטן;
וועט שוין קיינמאָל ניט אָראָפּקאַפּען פון מיר
דער טרויער פון דעכלעך שטעטלשע,
וואָס שוואַרצן זיך אַריין אין לאַנגע, אָסיענדיקע נעכט,
ווי שטיקער מרה־שחורה;

וועל איך קיינמאָל ניט ארומבלאָנקען
אין די ערב־שבתן
אף הינטערהויפן־שוועלן —
א זשידעק צווישן פאַנסקע הינט —
ווי מיין טאַטע „שליאָמקע שקליאר״,
אויסצובעטלען א מחילה פאר דעם יויזלס „בלוט״
און אַ פּאָר מיזערנע גילדן
פאר פראַצע איינענער.

3

שטעטלדיקע יאָרן,
פּלאָנטערט זיך ניט מער אין מיין זכרון —
אַן אַנדערער אינגאַנצן וויל איך ווערן!
לאָזט מיין הארצן קלאַפּן
צום טאַקט פון עלעקטרישע מאָטאָרן.
לאָזט דעם ריטם פון מיין בלוט פארמעסטן זיך
מיטן ריטם פון די באַנען
אין ניו יאָרקער אונטערערדישע ארטעריעס.
לאָזט צעוואַקסן זיך אין מיר
דעם דראַנג
פון פאַבריקן־ראַד און פאַס;
לאָזט אויפברויזן אין מיר
דאָס ליד
פון פראַצע־מענטש באַם גראַב־ און הייב־מאַשין —
איך זאָל
אין לעבער פינצטערע אריין,
און ארויף צו טויזנט רעשטאָוואַנ׳עס
און העכסטע טורעם־שפּיצן
קענען שליידערן
שטיקער זון און האַס.

ניו יאָרק, נאָוועמבער, 1930.

## באַ דער שיין פון 1917

דאָס גאָלד, וואָס פאַלט פאַרנאַכט אַף שויבן אין נאָוועמבער־טעג,
פאַלט אויך אַף מיין געמיט און ליינט זיך
ווי אַפן פּנים פון מיין שוועסטער יענער שווינדזוכט־פלעק,
וואָס איז שוין יאָרן
דער שפּור, דער איינציקער פון איר אין מיין זכרון.

אַפן האָריזאָנט די זון אָבער —
אַן אויפגעפראַלטע וואונד באַם ברעג פון טאָג־און־נאַכט —
דערמאָנט מיר אַ קאַנאָנען־מויל אין פלאַם פון ערשטער שלאַכט,
וואָס באָלשעוויקעס באַרוועסע, פון אונטער דר'ערד אַרויס,
האָבן אַף רואינעס פון מיין קינדער־וועלט צעברויזט.

ביז דעמאָלט איז אַ שלאַכט פאַר מיר געווען אַ שוידער־מעשהלע אַף וואָר, אַ שפּיל
מיט אימה אָנגעפילט, מיט געצנדינער־פרייד, און מיט וואָלפֿורגיס־פראַכט;
און נענטער אַ סך איז מיר געווען ס'געקנאַל פון אַ האַרמאַט, ווי פון אַ וואָלקנקראַך;
און לאַנג פאַרגעסן האָב איך שוין געהאַט מיין מאַמעס טרערן אַף ראָמאַנאָווס רוצחיש־בייזער האַנט,
וואָס האָט פאַרנומען מיך, איר קינד, צו גראָבן קברים פאַר די בראַווסטע פון זיין לאַנד;
און לאַנג האָב איך מיט שטאָלץ געציילט האַרטע בלאָטערן אַף צאַרטער קינדערשער הויט,
און זעק קאַרטאָפל־שאָלעכץ, באַ הינטער־טירן אויסגעבעטלטע, און וויפיל טעג כ'קען אויסקומען אָן ברויט —
ביז יענעם זונאויפגאַנג, וואָס יונגען האָבן אויפגעצונדן הינטער טאַרעבורעס אַלטער מיל.

אָן אייביקייט איז יענע ערב־שעה געווען, און ס'האָט זיך אויסגעדראַכט:
די מיל — אַ גולם, הימל־הויך מיט ריזן־הענט צעשפּרייט,
ווי אַ באַבעצע אַ וויסטע, ווי לילית, שטייט זי גרייט
דעם זונאויפגאַנג פאַרנעמען אין איר קלייד...

אין מערב האָט די בריק נאָך אַלץ געצאַנקט צוקאַפּנס באַ דער נאַכט.
אַ פּולעמיאָט האָט הייזעריק און טעמפּ מיין קינדערשן געדולד געזעגט,
ווי ס'וואָלט אַ טייוול פון מיין האָפענונג געלאַכט.
גאָר אָט: אינעם כמורנעם מזרח־גרוי האָט זיך צעדונערט אַ קאַנאָן
און צווישן טאָג־און־נאַכט האָט העל געפּלאַטערט אַף אַ פּלויט
אַ שטיקל פון דער נייער זון, אַ פייער־פאָן —
מיין קינדער־פרייד און מיין נקמה פאַר מיין שוועסטערס טויט...

:: :: ::

באַ דער שיין פון יענעם זונאויפגאַנג, וואָס האָט דעם מענטשן אויפגעוועקט
אין מיר;
באַ דיין אָראַרא־שיין, וואָס לויכט אַלץ העלער אויף און בלענדט די שאָטנס
פון דעם ערד־קוגל אַפיר —
ניט באַ דער שיין פון יענער זון, וואָס האָט דעם עלצטן פון אַ האָרדע
פלינדערער, בן־נון, געפּאָלגט
און איז אין גבעון אין דינסט צו אים געבליבן שטיין —
באַ דער שיין פון לעניִנס וואָרט, וואָס טראָגט זיך ווי אַ בליץ אין אַ ווינט
אַ קאָסמישן
און לויכט מיט טויט אַף אַלץ וואָס דאַרף פאַרגיין
און צינדט אַ נייעם הימל אָן —
באַ דער שיין דיינער, וואָס שיינען וועט זי לאַנג אַזוי,
ווי לאַנג ס'וועט זיין דאָס זיין —
רוף איך אויס צו דיר:

1917 — דו ביזט אַ שראַם אַזאַ, אַ טיפער שניט,
אַ בלוט־ און בראַנד־צייכן אין טיפעניש פון צייט;
אייביק וועסטו בלייבן איינגעגליט
אין דעם פּרצוף פון דער אייביקייט!

1917 — סוף פון וועלט וואָס איז כימערע,
פאַר־בראשיתדיקער תהום;
ליכט־געשטאַלטונג, אָנהייב־ערא
אינעם תוהודיקן סדום!

1917 — סוף פון סטיכישן געראַנגל,
ערשטע סדר־קרעאַטור;
בלויער זוים באַם ראַנד פון דזשאַנגל
פאַרן ערשטן מענטשן־שפּור!

עליזאַבעט, נ. דזש.
נאָוו.-דעצ., 1932.

## גרויס-שטאָט

פון ערגעץ קומט די נאַכט
און פאַרבט
די גרויסע ריזן-ווענט פון שטאָט
אַף שוואַרץ,
און האַקט איר הייסן אָטעם אָפּ,
און רעדער בלייבן שטיין...
נאָר דאָ און דאָרט,
פון צייט צו צייט
נאָך הערט זיך אַ שטאָלענער געוויין...

אין אָנמאַכט פאַלט מיליאָנען-האַנט
פון ביין און אָדערן און בלוט;
און ס'שפּרייט אַ טויטע שטילקייט זיך
און רוט
אַף פינף מאָל הונדערט טויזנט-קעפּיקן גיגאַנט
פון שטאָל און שטיין,
וואָס דינט אַ גאַנצן טאָג
זיין האַר —
דעם אַלכעמיסט,
וואָס גיסט איבער
אין גאָלד
שווייס
און בלוט
און מאַרך פון ביינער.

איצט גליווערט איינגעווייד פון שטאָט
אין שטאַרבנדיקער רו.
בלויז וואו ניט וואו
הילכט אָפּ דער טראָט
פונעם בלויען נאַכט-וואַנדלער —
דעם פּאָליציסט,
וואָס גענעצט טעמפּ אַ קללה אויס
צו דער אומענדלעך-לאַנגער נאַכט
און צום פאַרשאָלטענעם געבאָט
פון געלן
האַר פון שטאָט.

1928.

## איך ווייס ניט פאַרוואָס

איך ווייס ניט פאַרוואָס —
נאָר אַז איך גיי פון שטוב אַרויס אַליין אַמאָל באַנאַכט
און זע:
סע שטייען שורות מויערן פאַרטיפט אין זיך אַזוי,
און איבער גאַסן איינזאַמע, וואָס ציִען זיך
פון עק ביז עק פון שטאָט,
פייפן, וואָיען ווינטן אום — ווי זיי וואָלטן אָפּגעשפּאָט,
אָדער אויסגעוויינט דעם בראָך,
פון די וואָס האָבן זיך אַליין אַ גאַנצן טאָג געשענדט
און ליגן איצט פאַרחלשטע אַף יענער זייט פון ווענט —

איז ווייס איך ניט פאַרוואָס עס גיט מיך דאַן אַ טראָג אַזא
אַף גאַסן פון דער שלאָפנדיקער שטאָט,
גלייך, עס וואָלט אַליין אַ ווינט געוועזן מיין יעדער טראָט —
איז ווייס איך ניט פאַרוואָס עס פייפט אַרויס דעמאָלט פון מיר
אַ בייזער ניגונדל אַזא פון האַס,
ביז סע טרעפט אַמאָל: כ׳פאַרגעס אינגאַנצן אַז איך בין אַ מענטש
און ערגעץ אַף אַ גאַס;
און דעמאָלט, דוכט זיך מיר — איך בין
פון שטאָל אַ גרויע שפּין
און אָנגעקלעפּט בין איך מיט פינגער לאַנגע, שפּיזיקע,
אין אַ ווינקל ערגעץ, צווישן טויבע, גרויע ווענט
און קוק פון דאָרט אַראָפּ און לאַך
און לאַך אַזוי פון הענט
וואָס האָבן זיך באַוועגט אַ גאַנצן טאָג אין דער פאַבריק
צום מאָנאָטאָנעם טאַקט פון אַ מאַשין;
און איצט —
איצט ליגן זיי ווי פוילע, אָפּגענוצטע שטריק
נעבן הייסער, דורשטנדיקער לייב פון ווייב,
וואָס ווערט פאַרצערט פון ניט־געשטילטן גלוסט;
און איצט —
איצט ליגן זיי, ווי האַלעוועשקעס אויסגעלאָשענע,
אַף צעברענטער נאַקעטקייט פון ווייב וואָס בייסט די ליפּן זיך
און רייסט די בריסט צעשוואָלענע,
ביז בלוט.

ניו יאָרק, יאַנואַר, 1929.

# אין אַ האַרבסטיקער נאַכט

ס׳האָט די גרויקייט פון האַרבסטיקן אָוונט
אַרונטערגענידערט
ביז צו די אונטערשטע גאָרנס —
האָבן טורעמס זיך ערגעץ אין חלל פאַרלאָרן;
און אַ זייגער, אַקעגן אַ פענצטער,
איז הענגען געבליבן אין נעבל,
פאַריתומט,
ווי אַ צעשאָסענע זון.

ווי איז אַ ריזיקן קעלער
איז די שטאָט איצט געלעגן אין חשכות פאַרוויקלט.
און אויגן פון אויטאָס ווי בלעכענע זשוקעס,
און באַנען ווי שטאָל־טאַראַקאַנעס,
און גאַסן־פאָנאַרן
האָבן געצאַנקט און געזשמורעט,
ווי גוססע שטערן,
און געטריפט מיט אַ רעגן
פון ראָסטיק־מעשענע טרערן.

די שטאָט האָט געוויינט.
און אין טונקעלן שימער פון טרערן
האָבן הייזער זיך ענגער צוזאַמענגעטוליעט;
און ס׳האָט זיך דער אַספאַלט געקאָרטשעט
אונטער אַ פּראָסטיקער קאָלדרע
פון שפּעט־האַרבסטיקן, בלאָטיקן זשאַווער.

איז אויבן —
אַ צעלעכערטע זון
צום נאַכטיקן הימל געווען צוגענאָגלט,
און אונטן —
האָט אַ מענטש,
ווי אַ פאַרוואָרלאָזטער הונט,
אַף גאַסן פאַרווייִנטע געוואָגלט.

און אז אַ גלאָק
האָט זיך ערגעץ אין בלינדקייט פון חלל צעקלונגען,
האָט זיך דעם מענטשן גערוכט,
אַז דאָס האָט מעפיסטאָפל
זיך אין טיפקייט פון חשבות פאַרקליבן,
און האָט זיך מיט טייוולשע ציין
אין העלדזער פון שטאָלענע טורעמס געביסן
און אַף פראַך זיי צעריבן
און גיריק פאַרשלונגען.

האָט דער מענטש —
ווי זיין ווײַדל פון צווישן די הינטערשטע לאַפּעס,
דער הימלאָזער הונט —
זיין עלנטן קאָפּ, פון צווישן געבויגענע אַקסלען
אַרויף צום פאַריתומטן זייגער געצויגן;
און דעם גליווער
פון שטאַרע אויגן
אַף אַ העלפט פון דער נאַכט אויפגעהאַנגען...

ניו יאָרק, אָקטאָבער, 1929.

## אַ נאַכט אַזאַ באַם איסט-ריווער

וואָגלען שיפן אום
און רעווען אויס
אימהדיקע הימנען צו דער נאַכט.
אין געראַנגל
קרעכצט ערגעץ אַ שווערע, שוואַנגערדיקע באַן
און פאַרגייט זיך הייזעריק
אין אַ לאַנגן, מאָנאָטאָנעם, הינטיש-עלנטן געוויין.

אַף בײדע ברעגן טײך
קאַרטשעט זיך די שטאָט
אין שלאָף
מיט אױסגעשטאַרטע, צאַנקענדיקע אױגן.
זי יאָמערט אױס, פֿון צײט צו צײט,
האַלב־פֿאַרשטיקטע קלאַנגען,
װי עס װאָלט זי האַלטן װער
באַם האַלדז געפֿאַנגען.
ס'האָט הײנט די נאַכט
דעם שטערנדיקן הימל צוגענומען;
און װי עס װיקלט אױף אַ קראַ, אַ בײזע,
אירע פֿליגלען,
האָט זי אַ פּחד, װי אַ קרעפּ אַ שװאַרצן אױפֿגעװיקלט
און מיט אים די גרױע אַקסלען פֿון דער שטאָט באַהאַנגען.

פֿון דעם מאַנהעטן־בריק —
װאָס זעט אױס אַ גאַנצן טאָג,
װי אַ ריז אַ שטאָלענער, װאָס האָט געפּרואװט
מיט אײן שפּאַן אַריבערשפּרײזן פֿון ברוקלין קײן מאַנהעטן,
נאָר אַ האַנט, אַ ניט־געזעענע,
האָט אים אָפּגעשטעלט אינמיטן
און פֿאַרשאָלטן אים —
ער זאָל אַזױ אין גליװער
איבערן ריװער
שױן שטענדיק בלײבן הענגען —
פֿון דעם מאַנהעטן־בריק
האָט זיך איצט
יענע גליװער־קללה אָפּגעװענדט;
און ס'האָט אװעקגעשפּאַנט
דער שטאָלענער גיגאַנט
העט װײט
אַף יענער זײט פֿון נאַכט.

1928.

# אַ שוואַרצער פלעק

אַזוי נאַכט־איין נאַכט־אויס:

שלאָפן נאָר די שקלאָפן איין —
די באַדינער פון דער שטאָט,
וויקלען שאָטנס אַלץ דאָ איין
אין אַ מוראַדיקן סוד.

ווינקט אַ שוואַרצער פלעק צו מיר
דורך מיין פענצטערל אין צעל,
צווינגט מיך עפענען די טיר,
מוז איך פאָלגן זיין באַפעל.

דעמאָלט זע איך זיך אין טראַנס
צווישן בלינדע שפיגלען צוויי,
ווי איך פראַווע אַ סעאַנס —
טאַנץ אַרומעט צווישן זיי.

נאָכדעם דרינגט אַריינעט ווער
נ׳בלייבט אַ שטומער בײַ דער שוועל,
און ניט איך זע און ניט איך הער,
נאָר כ׳פיל — מ׳שלעפּט מיך פון מיין צעל.

ראַנגל איך זיך דאַן אַליין
מיט אַ בלינדן קאָרידאָר
און ס׳וואָיען טרעפּ אויס אַ געוויין
און ס׳הענגט מיין לעבן אויף אַ האָר...

נאָר ווען איך בין שוין אויף דער גאַס
און זע די שטערן לויכטן העל,
באַנעם איך אַז געטריבן שפּאַס
ט׳מיט מיר מיין פענצטערל אין צעל...

ניו יאָרק, 1928.

# אַף סקווער און אַף גאַס

איעדער שווארצער טויער,
איעדע שווארצע טיר
וועט היינט פאַנאַנדערפּראַלן זיך
און ס׳וועט דער שאַפנדיקער מענטש
ארויסשפּייען אַף סקווער און גאַס
זיין הונגער,
זיין פאַבריקן־קויט
און זיין אָנגעגליטן האַס.

וועט היינט אַ צי טאָן זיך
אַ שטראָם פון גליענדיקער לאַווע —
ווי אַ משונהדיקע ריזן־שלאַנג,
מיט קעפּ, מיט הונדערט טויזנטער,
וועט פון פאַבריק,
פון שאַכט,
און פון זאַוואָד,
דער מענטש
אַ ברום טאָן מיט אַן אור־קראַפט קול
און ארומרינגלען און אויפטרייסלען
די סקווערן פון דער שטאָט.

וועט היינט
זיך אַ וואַקל טאָן
דער טראָן,
דער גאָלדענער
און ס׳וועט אין פחד קאַרטשען זיך אַף אים
דער וויסטער נבזהניק,
וואָס האָט פאַר זיך
פאַרכאַפּט
די שטראַלן פון דעם מענטשנס זון
און פון דער ערד זיין ברויט.

דער מענטש, וואָס שווינגט דעם האַמער,
דער מענטש, וואָס דרייט די ראָד —
דער מענטש
וועט היינט אַריינגעמען דעם ערד־קוגל אין קלאַמער
און איינרוימען דער זון אַ דונערהדיקן סוד:
אַז זיין געבאָט
איז — ווערן הערשער פון דער וועלט.

# ערשטער מאי אַף דער איסט-סייד

ביימער־בלי,
פייגל־צוויטשעריי,
יום־טוב אויפגעגרינט אַף דער אויפגעוואַכטער ערד.
פרייד פון אַלץ וואָס קומט צום לעבן אַף־דאָס־ניי —
ניט געוואוסט האָט קיינמאָל אונדזער גאַס
פון אַזאַ מאַי.

אַף אונדזער גאַס
האָט אַלעמאָל דער אָנקום פון דעם מאַי
געוואַלגערט זיך ווי שווינדזיכטיקער פרילינג אַף אַ בייט.

פון קינדער אונדזערע די אויסגעצערטע פרייד
האָט ער פון שטענדיק אָן אין רינשטאָקן פאַרזייט,
און אויפגעבליט האָט ער
מיט קויט־ און שימל־צוויט;
און אויפגעגאַנגען און די לופט געסמט
מיט נויט־געשטאַנק
וואָס פאַרעט זיך בּאַ אונדז אין היימען טוכלע, טונקעלע
אַ וויסטן ווינטער לאַנג.

:: :: ::

ביימער־בלי,
פייגל־צוויטשעריי,
יום־טוב אויפגעגרינט אַף אויפגעוואַכטער ערד.
אַף אונדזער גאַס,
אַ געשמידטע אין פאַרקויטיקטן אַספאַלט,
בליט אויף דער ערשטער מאַי
אין אַ וואַלד פון בלוט־און־פייער בליטן
און צעפאָכעט זיך אין פלאַמען טראַנספּאַראַנט:
„לאָז אָפּ די אינגלעך אונדזערע פון סקאַטסבאָראָ!"
„גיב אָפּ אונדז טעלמאַנען, גיב אונדז מונין אָפּ!"
„ניט ריר דאָס פאָטערלאַנד, סאָוועטנלאַנד ניט ריר!"
„גיב אָפּ — — —
גיב אָפּ — — —
גיב אונדז דאָס לעבן אָפּ צוריק!"

בליט זי אונדזער גאַס
און גליט
און ווינט אַ וואַלד מיט פּאַנען און מיט פּויסטן אום
און שאַלט און ברויזט
און קייקלט אויסרופן
און צינדט אַוועק
דעם הונגער,
די שפלות אונדזערע,
דעם ברוד־ און שימל־צוויט
פון קעלער און פון הינטערלויף;
און מיר גיסן זיך צונויף
און טראָגן זיך
אַקעגן אים, דעם שונא אונדזערן,
ווי כוואַליעס פּייערפלאַם.

אַפּריל, 1933.

## אין „קינדערלאַנד“

כ'האָב היינט געזען דעם אומעט
זיך שלייכן פון דעם וואַלד;
און ס'האָט אַ פרייד צעקייקלט זיך
און הילכיק זיך צעשאַלט.

פיר הונדערט געסט
פון ריזן־נעסט
פון גרויען שטאָל און שטיין —
האָבן זיך דאָ היינט באַזעצט,
אין לאַנד פון בלוי און גרין.

בראָדיעט אַ פאַרלאָזענער
דער אומעט ערגעץ אום;
און קינדער — אויף דער אָזערע
לאַכן צו דער זון.

1929.

# FOURTEENTH STREET

װילסטו װיסן, חבר,
װי הײס דײַן ליבע צו אַ מענטשן איז,
טאָ רײַס זיך פֿון פֿאַבריק אַמאָל אַרױס אין גאַס
און מעסט אױך דאָרט
די טיפֿקײט פֿון דײַן האַס.

איבער גאַסן,
אַף דעם אינזל־פּאַס, מאַנהעטן —
װאו סע שטײען טױזנט לײטערס שטאָלענע אָן הימל אָנגעשפּאַרט,
װי עס װאָלט אַ װײסטער נאַר אַ מעכטיקער
זיך אײַנגערעדט, אַז ער איז גאָט,
און קלעטערן געקליבן זיך אַרױף אַהין,
כּדי מיט נעגל גאָלדענע
צונאָגלען זײַן שטאָלץ
צו דער זון, װאָס פּלאָנטערט דאָרטן אַ פּאַרלאָרענע זיך אום,
װי אין שטעכיק דראָט —
איבער גאַסן —
אײַנגעהילט אין אַ כאַלאַט,
געװעבט פֿון מענטשן־אָדערן און פּײַן־געשפּונען גאָלד,
יאָגט פֿאַר װאַנזין װירבלדיק זיך אום,
טאָג־אײַן טאָג־אױס,
אין אַ װײסטן מאַסקאַראַד,
אַ גאָלד־געזאַלבטע, טױזנט־קעפּיקע, העסלעכע פֿיגור.

נאָר לאַנג נאָך אײדער זי דערװײַזט זיך אָנטראָגן אַהער,
אַף אָט דער גאַס,
לײזט זיך אױף אַף איר איר מאַסקאַראַדן־קלײד ·
און סע שרײַט פֿאַרשײַט און עקלהאַפֿט אַראָפּ פֿון איר
איר צעפֿױלטע נאַקעטקײט.

א

אַז עס פּראַלט דער מאָרגן זיך אַרײַן אַהער ·
אַף גלאַנציק־גרױע שינעס,
װי אַ משונהדיקע בריאה פֿון איסט ריװער,
און שנײַדט דורך רעװענדיק דעם צעקאַרבטן אינזל־פּאַס,
טרעפֿט ער שױן אַף אָט דער גאַס, אין פֿולן גאַנג,
אַ ברױזיקן יאַריד.

:: :: ::

ס׳איז סוף־ און ערב־צייט.
אפן זייגער פון דעם „געז קאָנסאָלידייטעד״־טורעם
צינדן שוין די פייער־ווייזערס אָן
לעצטע שעהן פון א זומערדיקער נאכט.

ס׳איז סוף־ און ערב־צייט.
די כוואַליעס פינקלדיקע גאוה,
וואָס דער „געז קאָנסאָלידייטעד־בילדינג״ שטראַמט פון זיך ארויס,
זיינען לאַנג שוין אין די בלינדע שפאַלטן פון דער נאכט פאַררונען.
וויקלט א געדיכטע חשכות איין זיין מאַוזאָלייאום־טורעם *) ;
און די גאָלד־געזאָלבטע, שטאָלצע העלדן־מתים —
די דירעקטאָרן,
פרעזידענטן
און אנדערע ערשט־קלאַסיקע וואַמפירן פון דער פירמע,
וואָס רוען דאָ אין ערשטער העלפט פון נאכט
אף לאַזור־ און מירמלשטיין־קאַטאַפאַלקן,
ווי געטער הימלישע פון וועלטן אויסגעלאָשענע
אין הימל־קאַטאַקאָמבן —
די גאָלד־געזאָלבטע, שטאָלצע געטער פון דער פירמע
פאַרוואַנדלט זיינען איצט צוריק
אין פגרים פשוטע
און ליגן אָנגעוואַלגערט דאָ פאַרוואָרלאָזטע
אין פוסטע, נאַכטיקע חדרים,
ווי נבלות אין א זומפ ערגעץ,
בענקענדיק נאָך קברים.

ס׳איז סוף־ און ערב־צייט.
די ווייסע־פינגער־שקלאַפן־מיידלעך —
וואָס שווייגן אין די אויסגעפוצטע שטייגן
פון דער „געז קאָנסאָלידייטעד״־טורמע,
און שיקן שמינקע־שמייכעלעך אין שפיגעלעך אריין,
און שפילן אוים א גאנצן טאָג
אף דרוק־מאַשינקעס, ווי אף קליינע, פאַראַליזירטע פיאַנאָס,
מעקינע־דיקטאַטן,
וואָס וויקלען זיך ארוים פאר זיי אף ציגאַרן־רויך,
ווי בלויע סערענאַדעס,

---

*) אויבן, אין טורעם פון דער „געז קאָנסאָלידייטעד״, איז פאַראַן א מאַוזאָליי. דאָרטן ליגן די פאַרשטאָרבענע גרינדער און פירער פון דער פירמע.

פון אַנגעפּויזטע ברואים מיט לבנה־פּנימער —
די ווייסע־פינגער־שקלאַפן־מיידלעך —
פּויזען אום איצט איבער בעטן,
ווי הונגעריקע יאַשטשערקעס אין זומפּן
און גאַווערן מיט קרומע, פּיבערדיקע שמייכעלעך
און צערטלען שאַטנס אייגענע אַף הייסע קישעלעך,
און חלומען
פון לבנה־פּנימער און „האַנימונס״ ראַפּסאָדישע,
וואָס גייען אויף אין העלפאַנטביינערנע גאַנדאָלן
אין ווענעציאַנער נעכט
און פון ראָקאָקאָ־באַנגעלעך אין פּאַלם ביטש.

אַף דער איסט ריווער־זייט,
וואו עס צאַנקען שטאָר און סתם זיינע פּאַנאַרן,
ווערט פּאַרוואַנדלט איצטער דער מאַנהעטן־אינזל
אין אַ פּאַנטאַסטיש־מאָנסטערהאַפטער, הערנערדיקער בריאה.
ער ליגט פאַרהילט אין שווארצע, נאַכטיקע קאַשמאַרן
און סאָפּעט שווער פון שלאָף
און כאַפּט זיך אויף פון צייט צו צייט
און פאַרגייט זיך אין אַן אימהדיקן, יאָמערדיקן קול,
גלייך אַף זיין אוראַלטן, טיף־צעקארבטן רוקן
וואָלטן אומגעקראָכן און געראַיעט זיך
אינזעקטן־מחבלים אָן אַ צאָל.

און אין האָדסאָנס פּוכיקן שוים
דרעמלט זיך דערווייל און וויגט זיך אום
דער אינזל־פּאַס, מאַנהעטן,
ווי אַ שיף אַ לעגענדאַרישע מיט טויזנט שימערירנדיקע מאַסטן,
וואָס טראָגט זיך מאַיעסטעטיש
אַף אַ ים פון סאַמעט־נאַכטיקע חלומות
צו אויסגעדאַכטע, קיינמאָל נישט־געשטויגענע מקומות.

נאָר דאָ,
ארום די האָדסאָן־האַפנס, ביז דער ניינטער עוועניו —
וואו עס יאָגן „סוויפט און ארמאָר״ זיך אין אייביקן געוועט:
ווער פון זיי עס וועט מער נבלה־ריחות
פון שיקאַגער סטאַקיאַרדס אין ניו יאָרק פאַרשפּרייטן;

וואו מיט טאָג צוגלייך גייט אויף אַ פליש־געשטאַנק
און מישט זיך מיט אַן עיפּוש אַ געזאַלצענעם פון פיש,

וואָס פוילט אין „מאָרג־הייזער״ מאַנאַטן לאַנג
וואַרטנדיק אַף קוגים — קליינע, ווערימדיקע באַלעבאַטימלעך
פון קאָפי פּאַטס און רעסטאָראַנדלעך;

וואו עס וויקלען זיך די טויטלעכע געראָכן
און קנוילן זיך צונויף מיט אַנדערע, וואָס גייען אויף
פונעם שוויים פון הייסער פּאַרמערשער פּראַצע,
וואָס ליגט און פּאַרעט זיך און גאַרט נאָך אויסלייזונג
פון די „קאָמישאָן־הייזער״;

וואו די מיט אָרעמקייט געדיכט־באַזעצטע געגנט
אָטעמט אייביק מיט סם־המות־ריחות
און פאַרדאַרבט דאָס ביסל גרינע פעלדער־פרישקייט
וואָס עס הורבען אַן איעדן טאָג די פּאַרמער
אין דעם דערבייאיקן „וואַשינגטאָן מאַרקעט״ —

דאָ,
אַרום די האָדסאָן־האַפנס, ביז דער ניינטער עוועניו —
סטאַרטשען איצטער דעכעלעך,
ווי די שוואַרצע גענעצן פאַרגליווערטע,
אַף פנימער פון ניט־דערשלאָפענע אַגוניעס.

שטרעקן זיך פוןביידע זייטן גאַס די דעכעלעך,
ווי שטיקלעך שוואַרצע נאַכט פאַרגעסענע,
וואָס ווילן זיך צונויפגיסן צוזאַמען,
כדי אַזוי־אַרום דעם וועג פאַרצאַמען
דער גרויקייט פון באַגין,
וואָס קלייבט זיך שוין פון אַלע ראָגן
אַף ראש פון לאַסט־אויטאָס אַריינרייסן אַהער.

אַף טראָטואַרן —
אונטער אָט די שוואַרצע דעכעלעך,
וואָס ציען זיך און ווילן זיך צונויפשליסן,
ווי אויגנדעקלעך פון מידע מענטשן ניט־דערשלאָפענע —
בלאַנקען שווערע פּיס און שטעלן טעמפּע טריט
און שטופן שטייפע, האָרעפּאַשנע רוקנס.
הענגען קעפּ געלאָדענע מיט שלאָף פון רוקנס אַנגעהויקערטע אַראָפּ
און וואַרפן זיך חלשותדיק, ווי קעפּ פון עופות ניט־דערקוילעטע;
און דרעמלען אַפּ אַזוי דאָס לעצטע פּערטל נאַכט,

צווישן קלעצערדיקע הענט, וואָס סטאַרטשען איינגעשפּאַנט
אַהינטער קרעכצנדיקע משא־וועגעלעך.
לאַסט־אויטאָס,
וואָס פירן אָפּ פון דאַנען לעצטע, גוססדיקע רעשטלעך נאַכט,
צעקייקלען פּוסטע, טרעשטשענדיקע הוסטן
אין דעם פּאַרטאַגיקן האַלב־ליידיקן אַרום,
ווי אַלטע, יאַדישליווע דיאַקאָנס,
וואָס פּאָרען זיך מיט בר־מיננס
אין באַגינענדיקער טונקלקייט פון פּוסטע קלויסטערס.

און ווי עס וואָלט אַ האָגל פון שראַפּנעלן זי באַפאַלן,
צעפּראַלט זיך דאָ די געגנט פון די אַנדערע,
וואָס גרילצן זיך אַריין אַהער פון אַלע ראָגן,
קרעכצנדיק אונטערן יאָך
פון פעסלעך, זעק און קאַסטנס שווערן, פּראַצעדיקן טאָג,
וואָס האָבן דורך דער נאַכט זיך אין וואַגאָנען,
אָף גראָבע האַרעפּאַשנע מענטשלעכע און באַרזשע־רוקנס,
צו ברענגען פון מאַנהעטן אָנגעטראָגן.

הויבן הענגענדיקע קעפּ זיך אויף צום בלאָלעך־גרויען הימל
און גענעצן אַרויף לעצטע פּיצלעך שלאָף.
ווערן רוקנס הויקערדיקע אויסגעגלייכט ;
ווערן פלינקער טריט פון גליווערדיקע פיס ;
און אימפּעטיק צעטאַנצן זיך קלעצערדיקע הענט.

ווערן בלאַס און גייען אויס פּאָר שרעק
פייערלעך פון איינזאַמע פּאָנאַרן ;
און אָף רוישנדיקע משא־וועגעלעך
דרינגען פּלאַכטעס שווערער, פּראַציקער טאָג אַריין
צווישן דעכעלעך און טראָטוארן.

טובלט זיך זעקס טעג אין וואָך די זון
אין סם־המותדיקן שוויים
אין אָט דער אָרעמער און האַרעפּאַשנער געגנט.
בלויז זונטיק
(אויב נאָר עס רעגנט נים)
פאַרפּוצט זי זיך אין יום־טובדיקע, בלויע „אָווראַלס”,
און שיקט שמייכעלעך איראָנישע אַראָפּ

צו הענט,
וואָס „שיסן" טאַנצנדיקע „טרעפּס"
און יאָגן זיך אין רינשטאָקן נאָך זיי פון טראָטואַרן.

ב

טוליען זיך באַם איסט ריווער חורבה־הייזער
קופּעסווייז איינע אין די אַנדערע,
ווי שעפעלעך אין פעלד אונטער אַ האָגל;
און אויף פענצטער־לעכער
איז דאָס טוכלע בעטגעוואַנט פאַרצויגן,
ווי געלבלעך־בלאָע בעלמעס אויף יאַטערדיקע אויגן
פון אַלטע, בלינדע זקנות.

סטאַרטשעט בייז און גאוהדיק אַרויס פון צווישן זיי
די „איגל פענסיל קאָמפּאַני"־פאַבריק,
ווי אין פעלד אַ דאָרן
פון צווישן אַלטע, האַלב־פאַרפוילטע שוועמלעך.

שאָטענען זיך אַלע אינדערפרי אַרויס
פון לעבער שווייסיקע פון חרובדיקע הייזער
שטיקער לעבעדיקער עלנט.
טרעפן זיי אויף קרעציק־גרויע גאַסן זיך צונויף
און גריסן זיך ווי שאָטנס שטומערהייט
און לאָזן זיך מיט קעפּ געבויגענע אַהער צו דער פאַבריק,
ווי צו זייער אייגענער לויה.
צעפראַלט זיך,
ווי אַ שוואַרצער, הונגעריקער קבר־מויל,
דער טויער פון פאַבריק,
און שלינגט איין הונדערטער,
און שלינגט איין טויזנטער,
און שלינגט ניט אַלע איין —
און מאַכט זיך צו צוריק.

טראָגן טיילן פון דער מחנה „איבעריקע"
אַנטקעגן זון,
צוריק אַהיים,
רעשטלעך פינצטערניש פון נאַכט אויף פּנימער.
דרייען אַנדערע זיך שטום אַרום איבער דער גאַס

און בליצן נאָכדעם אויף מיט פויסטן קעגן שווארצקייט פון פאבריס,
דערפילנדיק דעם ערשטן אויפברויז
פון אַ בלינד־נעהאָדעוועטן קלאַסן־האַס,
ווי עס לויכט אויף אַ יונגע, צוקונפטיקע מוטער,
ווען זי דערפילט דעם ערשטן שטויס
פון אַ לעבעדיקן וועזן אין איר שויס.

פון סטעליעס — אויסגעפוצט מיט שרפהדיקער שווארצקייט —
ווי שטערן פון ברוגזע, סוף־חודשדיקע הימלען, אַף רואינעס —
שטאַרן בלאַס און קלהדיק אַ גאַנצן טאָג אַרונטער
לעמפעלעך עלעקטרישע אַף שטויביקע, באַוואַלגערטע וואַרשטאַטן.

ווי מאַריאָנעטן — צוגעשמידט מיט קייטן ניט־געזעענע,
מיט שטומער, גליוועדיקער אָנשטרענגונג אַף פּנימער,
וויגן זיך דאָ מענטשן־שורות אום און אויפהער.
שאַרן הענט אַף טישן זיך אַרום
און טאַנצן אוים נאָכאַנאַנד מאָנאָטאָנע ריטואַלן
צום טאַקט פון יאָגנדיקע פאַסן און קוויטשיקע באַפּעלן
פון גולמדיקע, אייזערנע געשטעלן.

מיט הענט מיט רואיקע פאַרלייגט אַהינטער,
נאָר מיט זשוואַווע אויגעלעך, וואָס בליצן אום זיגזאַגיש,
שפּאַצירט דאָ שאַטנדיק אַרום אַ שווערע, שמאַלציקע פיגור
און שפּריט ניט־זיכערקייט און טונקעלן פאַרדאַכט צווישן רייען,
ווי לוציפער אין די טונקעלע אַלייען פון גיהנום.

ברענען בליקן זיך אַריין אין אָנגעשטרענגטע נאַקנס,
פאַרקריכט די מורא ערגעץ צווישן באַקציינער און ווערט דאָרט צעריבן ;
און ס'צעכוואַליעט זיך אַ האַס אַדורך מוסקולן,
ווי דורך בלינדע שיכטן אונטערערדישע
ברויזנדיקע גאַזן,
וואָס האָבן זיך אין טיפענישן צופיל אָנגעקליבן.

:: :: ::

אין מיטן העלן טאָג
פאַרטשעפּעט זיך אַמאָל די זון
אָן דעם דאַרנדיקן שפּיץ פון דער פאַבריק
און גאַפּט אַראָפּ פון דאַרטן אַף דער גאַס,

ווי אַן אויג אַ גאָלד־ און פּיערדיסס
אַף אַ בייזן וואונדער:
די מענטשן־מאַסע שטראָמט ווי אַלעמאָל, פון טויער;
ביז פּלוצים בלייבט זי גליווערן אין שטומען דויער
און ווערט פאַרוואַנדלט
אין אַן אויסטערלישן זוים ארום די רוגזהדיקע ווענט,
ווי ארום אַ שווערער פעסטונג
אַ שונאס אויסגעמאַטערטע אַרמיי.
און פון קעגנאיבערדיקע ראָגן
וואַרפן אַרבעטער אַריבער,
ווי בליציקע ראַקעטן,
אָנגעגליטע רופן פון דער היגער קאָמפּאַרטיי.
פאַלן אין דעם זוים די רופן,
ביז עס נעמט אים דורך אַ פיבער
און ער הייבט אָן זיך צו רירן,
ווי אַ קיים פון קריעס אייז
אונטער פרילינגדיקע שטראַלן.

שטעקט די זון אין מיטן הימל
און קוקט זיך צו צום בייזן וואונדער,
ווי עס גליווערן געליימטע די פאַבריק־זשאַנדאַרן,
און שרעקן דאָ בלויז קליינע קינדער,
ווי גראָע טשוטשעלעס אין פעלד, זומערדיקע גערטנער.

:: :: ::

גאַנץ פרי
פלעכט זיך ווי אַ ווירבל־ווינט אין גאַס אַריין
פון מעכאַנישע „אַריינשלעפּער"
דער געלער וואַנזין.
— „ביליק, ביליק!"
ריטשעט ער און קווויטשעט:
— „בלויז פּופּציק סענט דער 'בלאָער מאָרד',
גאַראַנטירט."
טראָגט דער געלער וואַנזין אום אין האַנט
זיין „ערן־וואָרט":
— „דו קריכסט אַריין
אין אַן אַנצוג אַן אַריסטאָקראַטישן און אַן אַמתער פּאָר שיך
און ווערסט אַ פראַנט
פאַר דרייצן דאָלאַר בלויז!"

ביליס, ביליס!
אין דרויסן פון קליינס „מציאה־קראָם"
קעמפן חלבנע ווייבער מיט באַשמינקטע פּלעפּערס פאַר אַ „נעקסט".
ציען אָפּגעפּליקטע קינדער זיי צו בייגל־קאַשיקעס
און וויינען זייער הונגער אויס;
און אינעווייניק אין קראָם —
וואַרפן ניכפּעדיק די הענט צענדראָלאַרדיקע פּאַקערינגס,
ביז ס'באַרואיקט זיי אַ קאַלטער שוויים
און זיי פאַלן אין חלשות אום —
ביליס, ביליס!
— „זייט מנדב אַ פּאָר סענט און קויפט זיך אויס די זינד
באַם זון באַם איינציקן פון גאָט,
וואָס האָט זיך קרייציקן געלאָזט פון אייערטוועגן" —
ביליס, ביליס!
פּעדלט די „סאַלוויישאָן אַרמיי" אָפּן ראָג
און ווערט פאַרטויבט פון דער פאַלשער פרייד,
וואָס וואַרפט זיך אין דער לענג און ברייט
און שרייט אַרויס פון ביליקן טאַבלויד:
—"LINDY'S BABY IS A BOY!"
און פון די אויפריכטיקע קולות פון די גאַסן־אינגלעך
וואָס טוען תפילה
און רייסן זיך צו קניען פאַר אַ מיזעראַבלען ניקל
צו פאַרשטויבטע שיך פון „זינדיקע"
וואָס איילן דאָ פאַרביי.

:: :: ::

בליט און שפּרייט זיך אויס אַרום דער דריטער עוועניו
דער קינאָ־וואָדעוויל־טעאַטער
און „ספּיק־איזי"־האַנדל,
ווי גרינלעך־ראָזע וואונדן
אויף אַ האַלב־פאַרפוילטן קערפּער פון אַ סיפילטיקער.

ווינקען בלאָ און פּורפּורדיק
די „בישופדיקע" פענצטער פון דעם „טאַנץ־זאַל";
און פון צוויי באַטאָג
ביז צוויי פאַרטאָג

שריים פארשיים
די דזשאַז־מוזיק און קראַנקע נאַקעטקייט
אַראָפּ צו טראָטוארן.

שטייען אָפּ דאָ שעהן לאַנג,
ווי גולמס צוגענאָגלטע,
מחנות הונגעריקע מענער.
שטייען זיי און דויערן אַזוי
מיט בליקן אויפגעהאַנגענע
אויף שטיקער תאווה־פלייש
און אויערן — אויף אַרגיעדיקע טענער.

האַוועט דאָ, ווי מאַראַדערן אַפּן פראָנט
צווישן אַ פאַרלאָרענער אַרמיי,
פּימפּס
און פּעדלער
פון ראַפּינירטער „פּאַריזער" פּאָרנאָגראַפיע
און לייזן אויס די מזלדיקערע פון זיי...

מיט ראָז־ און מירמל־קרענץ פון גלידער מיידלשע
איז דאָ אייביק אויסגעצירט דער דרויסן פון בורלעסק.
טאַנצט דאָ אַ גראָטעסקער אַרבל־צופּער אום,
ווי עפּעס אַ משוגנהדיקער ליץ,
און פּלאָנטערט די פאַרבייוואָגלער אַריין
אין אַ גראָבער, מגושמדיקער פּערזן־נעץ:

"Here you have it,
Here you have it,
Here you have it, brother;
Here you get
The hottest thrill
Without any bother. . . .

"Don't get married,
Don't get married,
Don't get married, boys;
Here you get
All you want—
נסים ונפלאות..."

און ווי אַ בלישטשענדיקע פּאווע,
פּינקלט פראַנק־און־פריי אַרום אַף טראָטואַרן
כמעט אַ נאַקעטע די פּראָסטיטוציע,
און ס'ווינקלט זיך צו וואַוויליונגעריש צו איר פון יעדן ראָג
אַ בלאָער, אַ בלאַסער שומר פון דער יו. עס.־קאָנסטיטוציע.

:: :: ::

וואַקלען טרעמפּס פריטשמעליעטע דאָ אַרום,
פאַרוואָגלטע אַהער פון דער שכינותדיקער באַוערי.
שיילן לייבער זיך אַרויס האַריק, טאַטואירט און וואונדיק
פון העמדער — קויטיקער פון טראָטואַרן.

פינקלען הפקרדיק פון הויזן־קעשענעס —
פון הענגענדיקע אַף משקולת, אָפּגעבליאַקעוועטע הויזן —
פלעשלעך „וואוד־אַלקאָהאָל", „שו־פּאַליש" און „ווהייט־מיול"
און אַנדערע צענסענטיקע, גיפטיקע געטראַנקען.

פלעכט אַריין די איינזאַמקייט דעם טרעמפּ
אין אַ געדראַנג פון מענטשן טויזנטער.
פּינטלט ער זיך שאָטנדיק
אַקעגן זון,
אַ לעבעדיקער־געשטאָרבענער
אין אַ תוהודיקער וועלט,
ווי אַ נאַכט־וואַנדלער אַקעגן דער לבנה.
פּינטלט ער זיך שאָטנדיק אַזוי אַקעגן זון,
מיט אויגן טעמפּע, צוגעגליווערטע
צו אַ ווייט אַ טונקעלער,
וואו עס רוען שוין פון ווער־ווייסט־ווי לאַנג
זיינע פאַרשטאָרבענע חלומות.

וואַקלט זיך דאָ אום אַזוי דער טרעמפּ ;
און אַף פאַרברענטע, ברודנע קאַר־ליפּן
וויאַנעט קרום און וויינענדיק אַ שמייכעלע ;
און עס קאַפּען אָסיענדיק פון דאָרט אַרונטער
אָפּגעפליקטע, נאָגנדיקע ווערטער פון אַ שיכור־לידל :

"It's a long, long way
To that glorious city,
Where the beer 'n' booze's floodin'
Like a rain in a hurricane. . . ."

ג

באַנאַכט
שפּיט אָן די שטאָט אַהער אַ מאָדנעם ערב־רב,
ווי סע שפּייט אָן אין ערגעץ אין אַ בוכטע אַ פאַרוואָרפענער
דער אָוונטיקער צופלוס פון דעם ים
דעם אָפּפאַל פון אַן אַלטן, האַלב־צעשטערטן האַפן.

ציען זיך,
ווי אַלט־אידישע מקוננים צו דער מערת־המכפּלה,
קולטורעלע קלאַג־מוטערס און קברות־לייט
צו דער גוסטדיקער „סיוויק רעפּערטאָרי" —
וואָס קאָרטשעט זיך פון צופיל יאָרן,
פון שרעק פאַרן נעלן וואַנזין וואָס לויערט הערנערדיק אויף איר
פון אַלע זייטן;
און טוליעט זיך צום אַלטן, בייזן ציטאַדעל,
ווי זי וואָלט אַ שוץ אין שויס בא אים געזוכט —
ציען זיך צו איר
בירגערלעכע פיינשמעקער, בענקער און באָהעמען,
ווי צו קבר־אבות,
און רופן דאָרטן אויף אונטערגאַנג־קלאָגן;
און באַהעפטן זיך מיט מתים —
העלדן
פון טשעכאָווס און אַנדרייעווס דראַמען.

ציען זיך צום „לייבאָר־טעמפּל"
שטערנזעער און משיח־זוכער אַלערליי,
מאָסטיאַנער, טראָצקיאַנער, „איינשטייניסטן" און סטאַמיאַנער,
ליבעראַלן, טעאָסאָפן און האָבאָ־„פילאָזאָפן"
און האַנדלען דאָרטן איין פאַר אַ קוואָדער תורה.

פּילט אַ דור־הפלגה אָן
די קאַפּייען און „פּריוואַטע" רעסטאָראַנען
פון דער גאַס און פון דער שכינותדיקער סעקאָנד עוועניו.
גייען קנוילן רויכן אויף און רייד
איבער מזבחות
פון שוואַרצער קאַווע און עכטן „פּראָהיבישאָן".

זיצן אָנגעדרווייקעטע,
איינגעהילט אין קטורת ווי אין תּפילה־הייזער,
און ריכטן אָפּ דאָ ריטואַלן:
בירגער־„אינטעלעקטואַלן",
דיכטערלעך און הורן־דילעטאַנטן,
ציוניסטן, שאַנסאָנעטן, סאָציאַל־פּאַשיסטן,
ניטשע־רעזיגנאַציע־פּעדלער,
קולאַקן־העלדן, מעצענאַטן, קרעמער, „קולטוריסטן",
דעמאַגאָגן, דעמאָקראַטן, „אַנאַרכיסטן", לעסבים, האָמאָס
און „ספּיק איזי"־בעלפער.

גייען ווייִרוויכדיקע רייד און רויכן אויף,
און וויקלען זיך און הענגען איבער קעפּ,
ווי מוטנע, סוף־ווינטערדיקע הימלען;
און לאָזן זיך, ווי נעבלען, אין דער טונקלקייט צוריק אַראָפּ
און טובלען זיך אין שוואַרצער קאַווע און אין „פּראָהיבישאָן" אָפּ;
און מישן אויס:
גאָנדיס פּאַציפיזם, איסט בראָדווייער סאָציאַליזם
און הערצלס „יודענשטאַט"
מיט דר. לאַנגס באַהויפּטונג, אַז חיות פּראַקציטירן „סיקסטי ניין"
דעם פּראַגער גולם מיט ניטשעס „איבער־מענטש";
די גירוואַנאַ סאַקיאַ מוניס מיט חלומות מוסאָלינים;
די „קונסט לשם קונסט", בריאַנס פּאַן־אייראָפּע
און הוווערס „גאָלדן איידזש פּראָספּעריטי"
מיט „דיאָגענס קלוגע" רייד —
און פּלאָנטערן דאָס אַלץ אריין
אינעם פּינקלדיקן קלייד
פון דער מויד,
וואָס שלייכט זיך קעציש דאָ ארום
מיט אַ רענצעלע אין האַנט —
גרייט
זיך און יעדן ערשטן „סאָקער"
פאַר אַנגעפּאַרענע מאַן־און־ווייב דערקלערן;
און דערנאָך —
די גרויסקייט פון זיין לאַנגווייל
און די טונקלקייט פון צימער,
מיט איר קראַנקן, מאַרענירטן פלייש צוזאַמענגלייען
און פאַנאַנדערגעגנען אַזוי־אַרום אַ נאַכט
אַף פּאַרסמטע גאָלד־ און פייער־פונקען.

אין טיפע, סודותדיקע ווינקלען הילן שאָטנס איין
בלאָנדע און שוואַרץ־חנעוודיקע, יונגע מיידל־מעצענאַטן.
זיצן זיי און האַלטן ברייט צעעפנט קינדעריש־גאַפנדיקע אויגן
און שטייף־פאַרמאַכטע ביכלעך דעקאַדענץ —
צוגעפּאַסט צו נאַכט־קאָסטיומען,
און הערן דורך היפּנאָז,
ווי עס כישופן פאַר זיי „סעקס־פּאָעטן"
„ליבע־לידער"
וואָס זיי האָבן צונויפגעפלאָכטן דורכן טאָג
אַף „קולטורעלע" טרעפּ פון דער שטאָט־ביבליאָטעק.

שפּייען קיי־טאַבאַק
און פאַרגייען זיך אין הייסע, ראַפּינירטע זידלערייען,
אַלטע, עובר־בטלדיקע וואַבלי־מאַגיקער,
און רופן שוין צום מאָל צום טויזנטסטן אַרויס,
פון אַ וועלט אַן ערשט־ניט־לאַנג־פאַרגאַנגענער,
זייער אַלטע „גלאָרי".

הויבן בראַווע וואַבלי־קדושים זיך אַרויס
פון ליולקעס קוקורוזענע
אַף בלאָע, רוחניותדיקע פליגלען.

שווינדן ווענט פון קאָפּי פאַטס און ביליקע קאַפייען;
און עס וויקלען זיך פאַנאַנדער וועגן איינזאַמע
און ראַשיקע שאָסייען
פון דער אָראַנזשעווער און בלאָער, טרוימערישער וועסט.
שפּאַנט אַף זיי אַרום,
פאַראַויס פון וואַגאַבונדיק־קעמפערישע אַרמייען,
פּרענק ליטל,
באַם זייט פון דעם סאָלדאַט און רויטן לאָמבערדזשעק,
וועסלי עווערעסט.

פייפן פראַכט־באַנען אין בלאָע, בענקענדיקע נעכט אַריין
יאַטיש־קעמפערישע לידער
פון דעם בונטאַר און אַרבעטער־פּאָעט, דזשאָו היל;
און ס'צעציינדן זיך די אָרעגאָנער וועלדער
פון דעם דונערדיקן קול פון „גרויסן ביל".

:: :: ::

יאָגן זיך דאָ אייביק אום,
כּף הקלע,
צעדולטע מאָרגנס, אָוונטן, און טעג, און נעכט,
ווי אַף עפּעס אַ משונהדיקן גיהנום־קאַרניוואַל.

שאַלט די פאַלשע פרייד
און טאַנצט
און פלעכט אריין
דעם גלאַנץ פון „ווייסן וועג",
דעם בלאָען „גריניטש"־פוסט־און־פּאַס
און דעם פון שוויים צעפּריעטן איסט סיידער האַס
אין אַ וואַנזיניקן חולה־נופל־טאַנץ.

נאָר,
אין שכינות מיט דער כּף־הקלעדיקער גאַס
שפּרייט זיך האַרט און טראָציק
דער רויטער יוניאָן סקווער,
ווי אַ סאָוועטן־לאַנד,
וואָס ברויזט עקשנותדיק און ליכטיקט זיך ארויס
פון שוים פון בורזשואַזן גסיסה־בראַנד.

גיסן זיך גאַנץ אָפּט אריין אַהער,
דורך זשאַווערדיקן אינגעווייד פון שטאָט,
פון אייביק־טונקעלע און ברודיקע קוואַרטאַלן,
מחנות האָרעפּאַשניקעם
מיט שלאַכטפעלד־ערנסטקייט אַף פּנימער.

פּראַלן דעמאָלט אויסרופן דאָ אויף, ווי שטיקער דינאַמיט.
וויגן דעמאָלט פויסטן זיך, ווי באָמבעס אין דער לופט.
לייזט זיך אויף פאַר פּחד דאַן די פאַלשע פרייד.
נעמט אַ שוידער דעמאָלט דורך דעם פוסט־און־פּאַס.
און ווי אַ ווינט אין אָנהייב מערץ,
טראָגט זיך דורך איבער דער שטאָט דער האַס,
און לייטערט זי,
און לייטערט אָט די גאַס...

ניו יאָרק,
אויגוסט־סעפּטעמבער, 1930.

# סיי-ווי-סיי

(אפן טויט פון דערמארדעטן קובאנישן
קאמוניסטישן פירער, ח' בוליא מעיא.)

סיי־ווי־סיי
צעצינדן מיר די וועלט!
און פאלט אוועק אין פעלד א רויטער העלד —
איז וואס?
פלאקערט אויף אין אונדז זיין רוף,
ווייגען מיר ניט נאך זיין גוף —
סיי־ווי־סיי
צעצינדן מיר די וועלט!

סיי־ווי־סיי
גייט אויף די ערד אין בראנד!
און רייסט ארויס א העלד פון אונדזער ריי די שווארצע האנט —
איז וואס?
גיט די ערד זיך א צעברויז,
וואקסן טויזנט נייע אויס —
סיי־ווי־סיי
גייט אויף די ערד אין בראנד!

סיי־ווי־סיי
איז אונדזערע די זון!
און אז מ'רויבט פון אונדז א פונק אירן —
איז וואס?
מיט בלוט צו טריפן הייבט זי אן,
ווערט נאך רויטער אונדזער פאן —
סיי־ווי־סיי
איז אונדזערע די זון!

אין זיין פּאַלאַץ
אויף זיין גאָלדענעם בעט
ליגט מהעיער, דער ריכטער,
און רעדט
פון וואַנזין געשפּענסטפולע רייד.

אים דאַכט:
עס שטייט פאַר זיין בעט
וואַנזעטיס פארברענטער סקעלעט,
פארהילט אין אַ פלאַמיקער קלייד.
זיין האַנט
לעשט דאָס לעמפּעלע אויס;
סע שווינדן די ווענט פונעם הויז
און,
ס'פּאַרגייט זיך אין אַנגסטן די נאַכט...

און ווידער:
אין רויטן וואַקסט אויס —
נאָר איצט אין גיגאַנטישער גרויס —
וואַנזעטי.
עס הערט זיך אַ קראַך — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
ער שפּאַנט, וואַנזעטי,
און שפּאַנט
און ס'פלאַטערט דער רויטער געוואַנט
און,
ס'צינדט זיך די ערד אונטער אים.

און הינטער דעם רויטן סאַטאַן,
באַוועגט זיך

דער יענקישער קלאָן
און,
צעכוואַליעט פון שקלאַפן דעם הימן.
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

עס יאָמערט דער אַלטער פּאַר שרעק,
ביז
ער פאַלט אין חלשות אוועק
און ס׳וועקט אים
זיין הויז־דאָקטאָר אויף,
מיט
אַן איינשפּריץ
פון בלוט
אין זיין גוף.

ניו יאָרק, סעפּטעמבער, 1929.

## דער מאַרטירער

דורך דער פאַרעלטערטער גאַרדין —
מיט וועלכער ס'האָט אמאָל
א ווייסטע שפּין
דאָס איינצל־פענצטערל איבער זיין קאָפּ
באהאַנגען;
און אָפּגעהאַקט אַזוי אַרום
א לעצטן פאַדעם זון און דרויסנדיקן פלאַטער —
דורך דער שוין איצט צעלעכערטער גאַרדין,
רינט אריין אַהין
די ראָסטיק־גרויע מאָרגן־שיין
פון זיינע טורמע־טעג.

אין אַזעלכע פיינלעך־שטומע שעהן
דוכט זיך אים
אז די גאַנצע ליכט־ און לעבן־וועלט,
וואָס איז פון אים אָפּ אייביק שוין
מיט קבר־ווענט פאַרשטעלט,
איז פאַרטרונקען אין א טיפן מרה־שחורהדיקן גליוווער.

ווייסט ער דעמאָלט ניט
צי דאָס איז אַזוי
אָדער בלויז עפּעס א מין שגעון —
נאָר ער זעט:
עס קריכן איינער נאָכן אנדערן ארונטער
שאָטנס פון די בלינדע ווענט,
און נעמען בוקן זיך צו אים,
און גיבן זיך די הענט,
און טאַנצן אוים עפּעס
אַזעלכע מאָדנע, מאָנאָטאָנע, בעטלערישע טענץ.
נאָכדעם,
שלייכן זיי זיך, שטומערהייט, פאַרביי דאָס ביסל פוילע שטרוי
וואָס דינט אים פאַר א בעט,
און ס'טוט זיך יעדערער פון זיי א נויג פאַר אים,
און גיט זיין מידן קאָפּ א קאַלטן גלעט;
און אַז סע שלייכט פאַרביי
דער לעצטער שאָטן פון דער ריי,

בלייבן אלע, פּלוצים,
ווי אַף תּליות,
הענגען אַף די בלינדע טורמע־ווענט
מיט אויסגעשטרעקטע בעטנדיקע הענט.

הייבט אַ פּחד אויף זיין מידקייט פון געלעגער,
פאנגט ער אָן צו שפּאַנען צווישן אויסגעפּוצטע תּליות;
און ער ציילט און טיילט צו הענגענדיקע שאָטנס
זיינע פּינלעך־צאַנקענדיקע רגעס —
ווי עס פלעגט אַמאָל אַ איד אַ קמצן
טיילן זיינע גראָשנס צו ניט גוטע,
ווען זיי האָבן אים נאָכהאַלבענאַכטן
אָפּגעהאַלטן ערגעץ אונטערוועגס.

:: :: ::

איינמאָל,
גייט ער צו צו איינער פון די תּליות,
זעט ער:
ס'עפּנט אויף דער הענגענדיקער שאָטן זיינע וויעס,
און ס'צעבליט אַ לייכטער שמייכל זיך
אַף חבר'שע ליפּן:
זעט ער, אַז די האַנט פונעם חבר אַף דער תּליה
איז ניט אויסגעשטרעקט צום בעטן,
נאָר זי ווייזט אים עפּעס
אַף דער וואַנט, דאָרט קעגנאיבער.
קוקט ער און ער זעט ניט מער קיין וואַנט,
נאָר תּהו:
ווי פאַרן אָנקום פון דעם מבול
וויקלען זיך אין חלל שווערע, שוואַרצע כמאַרעס.
ניט קיין שטעט און דערפער זעט מען —
ס'ליגט די ערד צעבראַסטעט
און ס'גייען אויף אין קנוילן רויכן
חורבעס יערנדיקע, גרויע בלאָטערן
און גרינע, יאַטערדיקע וואונדן;
און ס'קריכט און ראַיעט זיך דאָרט אום
דער מענטש,
און קאָרטשעט זיך אין גסיסה־פּיין
אונטער חורבהס פון בבלדיקע טורעמס.

זעט ער:
אַט טובלט זיך אין גאַנגעס־טײַך דער הימל־בלאַ
און ס'גליווערן אין אים
פון זיך אַליין געפּײַניקטע בראַמינען;
און אַט, וואַרפט שטײנער לאַוו'ן משה
פון באַרג סני
אויף זײַנע בעדואינער;

אַט וואַגלט אום, אין וואַנזין, אויפן ירדן
דער מטורף פון נצרת
און בלוטיקט נאָכדעם רויִק אויפן צלם,
גלאַצנדיק די אויגן, ווי אַ גולם;

אַט, טראָגט מחמד זיך אויף זײַן שוואַרצן פערד —
ער האַלט אין האַנט אַ בלאַנקע שווערד
און אין זײַן האַרץ אַללאַן
און וויל אַרומקאַוועון די ערד
מיט קײַטן פון קאָראַן;

און ס'גליווערט אויף זײַן שטומען פעלז,
גלײַכגילטיק,
דער גרויער בודא,
און איבער אים שוועבט טויטלעך־רויִק
די שכינה פון נירוואַנאַ;

אויסגעפּוצט אין נאַכט,
באַגלײט פון סטאַיעס קראָען,
קומט טאָרקוועמאַדאָ אָן פון מערב זײַט
צו דער גאָלגאָטאַ.
ער פּאַלמעסט יעזוסן
און גנבעט צו זײַן ערדיש האַרץ
און הימלישן געוויסן —
(דאָס ערשטע, וואָס שוין לאַנג פאַרפוילט,
שענקט ער צו די רויב־פייגלען אַוועק,
אויס דאַנקבאַרקייט פאַר ווײַזן אים דעם וועג,
און מיט דעם צווייטן, וואָס אַ סגולה איז צו גליק,
לאָזט ער זיך אין וועג אַריין צוריק);

גייט אויף א שווארצער רויך פון עשאפאט.
אין געטלעך פייער און אין אייגן בלוט
בראט, און לייזט זיך אויף
דער מענטש,
וואס הייסט ניט שיידן זיך
מיט ערדישן נסיון;

און אט:
עס שאריעט אף באגין.
פייער צונגען לעקן דאס פארקילטע בלוט פון הימל־זוים,
שרפות צינדן אן דעם רוים,
נאר פלוצים,
פאלט דאס קאלטע מעסער פון דער גילאטינע
און ס׳לעשט א פרישער בלוט־געפלייץ
דעם אנקום פון באגינען;

אט צינדט אפסניי א ווינקל זיך באם ראנד.
אף טורעם־שפיצן שפיגט די זון אויס
די קאמונע —
איין רגע בלויז,
און בלוט פון קאמונארן
פארשווענקט צוריק איעדן שפור פון זון,
און ס׳ווערט די ערד פאר איר
א שווארצע טרונע;

אט, צעברויזט די ערד זיך ווידער
און וויקלט זיך אינגאנצן איין אין בראנד.
ווי אן אומגעקערטער שמעלץ־טאפ, הענגט אן אנגעגליטער הימל
און בליצט און דונערט נאכאנאנד
און האלט אין רעגענען מיט בליי —
נאר מיט אמאל,
פון דער טיפעניש פון בראנד,
וואקסט אויס א ריזיק־מוסקולירטע האנט;
און סע שיילט זיך אויס און רירט דעם הימל אן
דאס געשטאלט פון לענין בא דער קרעמל־וואנט.
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

און עס קומען
און פארגייען
בילד נאָך בילד —
זעט ער:
ס'איז די וועלט
אין יום־טוב איינגעהילט,
דוכט זיך אים:
עס הילכט א גלאָקן־געקלאַנג —
שטייט ער און ער הערט זיין אייגענעם געזאנג - -

שטייט ער און ער הערט זיין געזאנג,
ווי פון שלאָף;
און עמיץ שפּילט אף שליסלען אויס
א ליד פון זיין סוף;
ראנגלען זיך די טענער
פון אויפקום
און פארגאנג
און פלעכטן זיך צונויף ארום זיין האלדז,
ווי א שלאנג.

שטארבט א לעצטער טאָן פון האָפענונג בא אים אין האלדז.
פילט ער אז פאר אים איז אַלץ געענדיקט — אַלץ.
ווענדט ער זיך, מיט א צעמישטן בליק,
צום חבר אפן וואנט:
זעט ער, אז פארשוואונדן איז זיין שמייכל,
נאָר זיין האנט
איז אַלץ נאָך אויסגעשטרעקט אהין, דאָרט קעגנאיבער.
קערט ער, שטאר, די אויגן זיינע אום צוריק
צו יענער זייט פון קאמער:
וואקסט פאר זיי דאָרט פון דער פינצטערניש ארויס
א שווארצע, הונגעריקע תליה
און איבער איר —
אין בלוט
און גאָלד
גייט אויף
און צינדט דעם הימל אָן
א סערפּ און האמער.

ניו יאָרק, דעצעמבער, 1929.

# דער גרויסער וואונדער

געווען איז דאָס
אין אָנהויב פון נאָוועמבער.
אין פעלד
האָט דאַן געטאַנצט די ווייסע זאַווערוכע.
אין דאָרף, פאַר דער איקאָנע,
האָט זיך געצלמט די סטאַרוכע;
און איבער שטאָט,
אַף פליגלען פונעם הונגער,
האָט זיך דער טויט געטראָגן
און געפּאָכעט מיט אַ בלאַנקער קאָסע.

געווען איז דאָס
אין אָנהויב פון נאָוועמבער.
ווי אַלע טאָג
געשטאַנען זיינען מויערן אין שטומען דויער;
ווי אַלע טאָג
געוויקלט האָט זיך איבער זיי אַ גרויער טרויער,
ווען ס׳האָבן מאַמעס זיך אין ווענט אין פּראַסטיקע
צוריקגעקערט אָן ברויט
און אויג אַף אויג
זיך באַגעגנט מיטן טויט.

געווען איז דאָס
אין אָנהויב פון נאָוועמבער.
אַ פרעמדער ריז,
מיט פייערדיקער שער אין האַנט,
האָט פּאַסנווייז געשניטן שטיקער פונעם לאַנד.
איז דאָס בלוט גערונען
און אין טייכן זיך געצויגן.
איז שווער געווען דער ערד
איר אייגן בלוט צו זויגן...

און דאַן איז דאָס געשען.

1928.

# הייב אויף דיין פויסט און שווער *)

הייב אויף דיין פראַצע־פויסט און שווער באַ איר,
די האָרעפּאַשנער כלל פון גאָר דער וועלט,
אַז אומקומען דורך דיר
זאָל דער וואָס פוצט דעם מלאך־המות אויס
אין איבערפאַל
אַף יענעם לאַנד וואו ס'האָט דיין גורל זיך צעהעלט.

הער אויס,
די פראַצע־מענטש פון איבעראַל!
ד'ער לומפּן־פילאָזאָף פון בייטלשניידעריי,
ד'ער שקלאַפנהענדלער אין אַ דזשענטלמאַן־געשטאַלט —
אָט דער
וואָס האָט צום טויט פאַרהאַנדלט מענטשן־קעפּ הורטאָם
(אַ צענערל אַ שטיק)
און איז דערפאַר געוואָרן אויבער־תליון פון מאָרגאַנס תהום;
און ברילט אַצינד אַראָפּ פון ווייסן־הויז־מאַיאַק
די שפּיל פון רעגענען מיט אָנגעגליטן בליי
אַף לוינשקלאַף און באַטראַק,
וואָס טראָגט זיין עלנט און פאַרמאָרעטקייט אַריבער
פון האַווערוויל, פון האַווערסיטי־גריבער,
פון הונגער־ריי
צו פעסטער, פייערדיקער ריי פון קאַמף —
אָט־אָ־דער
ציוויליזירטער אויבער־אַשמדאַי
האָט שוין זיין גיפטיקן באַפעל אַרויסגעשיפּעט:
עס זאָלן זיינע טויזנט טויטן־צונגן
זיך אָוועקלאָזן צוריק צו שקלאַפעריי,
צום גאָלד־ און מאַכט־מאַניאַק,
יענע ערד

---

*) אַ ניט־פאַרענדיקטע אַרבעט.

וואו ס'רייפט דיין לויכטנדיקער אָנהייב אויס
פאַר אים אַ וויסטן סוף.

:: :: ::

שטיי אויף פון שלאָף:
באַם מזרח־ברעג פון שטילן אָקעאַן
האָט, פאַר אימה, די יוכע פון געלן און ווייסן מאַרגאַן
זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט ווי אין אַ פלוצים־משוגע־געוואָרענעם הונט.
צעראָיעט ער איצט דאָרט דער ערדס אַן אַלטע צעיאַטערטע וואונד
און פיניעט און שפייט אַהין סם;
און ס'טראָגט אים זיין וואַן
און ער האַוקעט אַף שטעט און אַף דערפער מיט פלאַם;
און ער קלייבט זיך שוין צינדן דעם ראַנד
פון דיין לאַנד.

אַט הער:
זי ציטערט, די ערד!
דורך דער געשענדעטער פאַרגאַנגענהייט פון טויזנטער יאָרן
גייט אויף ווי אַ וועזואוויוס אין רוים
דער טויטלעבער צאָרן
פון ספאַרטאַק
און מאַראַט
און מישעל
און רופט דורך דער פרישקייט פון קברים
פון סימס און פון יאָרק,
דורך אַנצאָליקע העלדן אַן נעמען
פון וועדינג, שאַנכאַי און קענטאָקי
און ברויזט דורך דער עלנט פון דיין אייגן געביין;
און זאָגט אַז נאָר דו,
אַז נאָר דו אַליין,
דיין אַלמעכטיקע האַנט וואָס האָט באַשאַפן די וועלט,
קען טויטן די טויזנטער צונגן מיט טויט,

וואָס לויערן בײַ דער הייליקער שוועל
פון לעגינלאַנד.

:: :: ::

פֿאַרשטייף דיין פויסט,
דו האָרעפּאַשנער כּלל פון גאָר דער וועלט,
און הייב זי אויף און טו זי אַ צעוויג
און זע:
ווי אַ לעבעדיקער האַמער זעט זי אויס,
שווינגענדיק אין אָנגעגליטער לופט.
פֿאַרשטייף דיין הארטן גורל
אין דיין פּראַצע־פויסט,
און הייב זי אויף און שווער —
אַז אומקומען דורך איר זאָל דער
וואָס פּוצט דעם מלאך־המות אויס
אין איבערפּאַל
אף יענעם לאַנד וואו ס'האָט דיין צוקונפט זיך צעשטראַלט.

ניו יאָרק, מערץ, 1932.




# ס'האָט אַ ווינט
# זיך צעוויינט
# קאַפּויר

## דאָס אַלטע פאַרם-הויז

1

שוין א לאנגע, לאנגע צייט,
ווייזט אויס,
איז דאָס אלטע, גרויסע פארם־הויז
פון מענטשן־טריט פארלאָזן.

דער אויסגעדארטער, קראנקער קאבאליסט,
וואָס דינט דאָ ווי א וועכטער,
האָט אליין שוין אויך, דוכט זיך, פארלאָרן
יעדן שפּור פון לעבעדיקן אָטעם
און דרייט זיך דאָ ארום,
ווי א שאָטן אין א קעניגרייך פון שאָטנס.

א גאנצן טאָג,
פון פרימאָרגן ביז אין אָוונט,
שלייכט ער איבער קאמערן זיך אום,
און ס'באוועגן זיך די בלאסע ליפּן זיינע
שטום,
ווי ער וואָלט א געצנדינער
אין א טעמפּל א פארצייטיקן געווען,
און וואָלט צו די אָפּגעבליאקעוועטע בילדער,
וואָס באפּוצן דאָ און דאָרט די אומעטיקע ווענט,
ווי צו געטער זיינע הייליקע,
מיט שטומע תפילות זיך געווענדט.

דערביי
באוועגט ער אָפט,
ווי א דיריזשאָר,
מיט זיינע לאנגע, ביינערדיקע הענט,
און ארום
הייבן זיך און פאלן גאנצע שאָטן־טרופּעס,
ווי זיי וואָלטן אויסגעטאנצט משונהדיקע, שטומע ריטואלן
צו די אָפּגעבליאקעוועטע בילדער,
וואָס בלויז דער שטויב אף זיי
דערמאָנט אָן טויט פון זייער שעפער.

נאָר, קען זיין:
עס דוכט זיך אים,
אַז אַט דער דיקער שטויב,
וואָס רוט אַף זיי,
איז דער שטויב פון מאַלערס ביינער,
וואָס האָט אין קבר רואיק ליגן ניט געקענט,
ווייל ס׳פלעגן ווינטן בייזע, דורך די נעכט,
אים גרוסן טרויעריקע
פון זיינע קינדער ברענגען;
און איינמאָל,
אין אַ נאַכט אַזאַ אַ בייזער,
האָט מסתם
מיט אַ שרעקלעכן געיאָמער
אַ ווינט זיך אָנגעטראָגן
און פון קבר
אַף די שווארצע פליגלען זיינע אים ארויפגענומען
און יאָרהונדערטן מיט אים אַזוי ארומגעוואָגלט
און ארומגעזוכט די קינדער זיינע,
ביז — פון קאַלטע, פרעמדע בליקן דורכגעפרעסענע
און צום סוף פארגעסענע
געפונען האָט ער זיי
אין אַט דער אַלטער,
פארוואָרלאָזטער,
חורבהדיקער הויז.

2

ווינט
דאָס אַלטע, גרויסע פארם־הויז
און עס רינט פון ווענט אַראָפּ
איר פלוצימדיקער בראָך:
איין טאָכטער און דריי זין
האָט זי, צווישן די וואָס גייען אַף דער ערד נאָך אום, געהאַט —
איין טאָכטער און דריי זין,
וואָס וואָלטן מיט שטאָלץ באַדארפט צו די ווייטערדיקע דורות
איר משפחה יחוס טראָגן.
איז די טאָכטער,
דזשאָזעפין,
אינערגעץ קיין מישיגאַן אוועק און דאָרטן חתונה געהאַט;

און די זין,
דזשאָן,
טאָם
און רעימאָנד
האָט עס אַלץ, ווי מיט אַ כישוף־האַנט
צו דער גרויסער שטאָט געצויגן.
פּלעגן זיי, פון צייט צו צייט,
אױף גאָטס באַראָט די באַלעבאַטישקייט פאַרלאָזן
און זיך אַוועקשלייען אַהין.
ביז איינמאָל —
ס'איז דאָן אַ ווינטער־טאָג אַ פּראַסטיקער געווען;
ס'האָט נאָך אַ טאָג אַזאַ
דאָס אַלטע פאַרם־הויז
(און אפשר אויך די וועלט)
ביז דעמאָלט ניט געזען.
אין יענעם טאָג
האָט פון פראָסט דער וואַלד געטרעשטשעט
און ס'זיינען פייגעלעך געפאַלן
פאַרפרוירענע אין פעלד;
אין יענעם טאָג
האָט אין זאַווערוכע זיך די ערד געקאָרטשעט
און ס'האָט דער הימל שיר געשפּאָלטן זיך פון קעלט —
אין יענעם טאָג איז דאָס געשען:
ס'האָט דזשאָן
פון שליאַך
אַ לעצטן מאָל
זיין קאָפּ צום פאַרם־הויז געווענדט
און ס'האָט דער וויסטער ווינט
אַ לעצטן שפּור פון אים מיט טיפן שניי פאַרקערט
און אַזוי,
אױף אייביק שוין, ווייזט אויס,
פאַרלאָזן האָבן אַלע דריי
דאָס אַלטע פאַרם־הויז
און וועלן קיינמאָל, קיינמאָל ניט באַטרעטן מער
פון עלטערן דעם וועג.

3

ווײנט דאָס אַלטע פאַרם־הויז
און שימערירט פון וועגט אַראָפּ

איר דורותדיקן יענקי־יחום:
ער ציט זיך אזש
ביז דעם קריג, דעם היילינקן,
וואָס גרויסע אור־פּאָטערס האָבן אָנגעפירט אמאָל
פאַר פרייהייט,
און דערפאַר
אַף רויט מיט זייער בלוט
דעם דעלאַווער געפאַרבט.

דערציילט דאָס אַלטע פאַרם־הויז —
און עדות זיינען:
שווערדן,
ביקסן,
באַיאָנעטן
און סטילעטן —
אַלטער קריג־געווער,
וואָס שווייגט לעגענדעס אויס
וועגן זיך
און וועגן קעמפער העלדישע —
אַלטער קריג־געווער,
וואָס שטומט זיין שטאָלץ פון וואַנט אַראָפּ,
אַף צעמורשטע קעפּ פון טויטע ענגלענדער
און אייגענע פאַררעטער,
וואָס גורען אין די ווינקלען זיך,
ווי זיי וואָלטן אַ באַהעלטעניש געזוכט
פאַר דעם ווייטיק און דער חרפּה,
וואָס וועט אייביק שוין מסתּם גליווערן אין זיי.

ער ציט זיך ווייטער נאָך,
דער יחוס פון דעם אַלטן פאַרם־הויז.
ער ציט זיך
אזש ביז צום וואָגלענדיקן עולה־רגלניק פון דער מעיפלאַוער,
וואָס האָט פאַר זיך און פאַר זיין גאָט
אַן עיר־מקלט דאָ געפונען
און מיט זיין פרומען טראָט
דאָס נייע לאַנד פאַר קריסטוסן געהייליקט...

4

סטאַרטשעט אויס
דאָס אַלטע פאַרם־הויז,

ווי אויסגעפוילטע וואוגדן,
אירע פענצטער־לעכער
און דערציילט:
עס שפּרייטן פעלדער זייער אויפגעפּראַלטע רייפקייט
קעגן פרילינגדיקער זון
און בענקען נאָך פאַרזייאונג.
פוילט ערגעץ אין פרעמדע זעק די זריעה,
און אין שייערן
קומען מייז פאַרהונגערטע
און נישטערן אין פוסטע זאַשיקעס
און גייען אויס פאַר בענקשאַפט
פון די וואונדער־מעשיות,
וואָס דער טוכלער ווינט, וואָס שלייכט זיך דאָ ארום,
דערציילט זיי —
פון די וואונדער־מעשיות פון אמאָל,
ווען עס האָט די שפע אָנגעפילט דעם שייער ביזן דאַך,
אַז ס'איז קיין ברעקל אָרט,
וואו צו אָטעמען, אפילו ניט געווען...

עס פרעסט דער זשאַווער אויף
דעם אַקער און די זיי־מאַשין,
און אַף שמאָלן
הענגען לויז די טויערן
און וויגן זיך אַ גאַנצן טאָג,
ווי משוגעדיקע אויערן,
צום טאַקט פון טראַקטאָר־רויש
און פערד־געשנאָרך
אַף שכינותדיקע פעלדער.
און פון אויסגעקרימטע דעכער —
וואָס אַמאָל, אין די פאַרטאָגן,
פלעגן פון זיי
מיט שטאָלץ
צום מזרח־זייט זיך נויגן
די בליצשלינגער־הענער,
ווי זיי וואָלטן גרייט געווען צו אָנזאָגן דעם הויף
אַז עס פּוצט זיך שוין אַף יענער זייט פון לאָן
דער הימל ראַנד
אין אַ גירלאַנד
פון פּורפּור און פון גאָלד —

פון אויסגעקרימטע דעכער
קוקן זיי איצט שטאַר
און בויגן צו דער ערד אַראָפּ די קעפּ, די שטאָלענע,
פאַר שאַנד,
ווען דער ערשטער שטראַל,
וואָס צינדט דעם העכסטן שפּיץ פון וואַלד,
באַגעגנט שוין דעם טראַקטאָר און די פערד
געשפּאַנט אין אַקער און אין זיי־מאַשין
אויף שכינותדיקע פעלדער.

:: :: ::

ווי אַ גרייזע זקנה
מיט אויגן אויסגערונענע,
וואָס באַוועגט די פייכטע אויגנלעדלעך איהרע,
ווי זי וואָלט
אָנטאַפּן
מיט זיי געוואָלט
די שיין די זוניקע —
ווי אַן אַלטע, בלינדע זקנה,
שטייט אין מיטן פעלד
אַ פאַרוואָרלאָזטע
דאָס אַלטע פאַרם־הויז
און סטאַרטשעט וואונדיק־פּוילע פענצטער־לעכער צו דער זון;
און אויף צעפליקטע לאָדן
סקריפּעט אויס
אַ יונגער, הוצפּהדיקער פרילינג־ווינט
ווייַנענדיקע, אַסיענדיקע טענער.

דזשאָנסטאָן, נ. דזש.
פרילינג, 1930.

# דער אַרבעטלאָזער בריקן־בויער און זיין זון

נאָך אין אָנהייב האַרבסט
האָט דזשים, דער בריקן־אינזשינער,
אויף איינעם פון ניו יאָרקער פּיערס,
פאַר פערציק סענט אַ שעה,
די לעצטע רעשטלעך פון זיין יענקי־שטאָלץ
אין אַ פראַכט־וואַגאָן אַריינגעלאָדן.

בלאָנקעט ער זינט דאַן
דורך גרויע, קרעציקע באַגינענס
און קופּעס זשאַווער אויף פאַבריקן־הויפן,
און טראָגט דעם קאָפּ
פאַרזונקען צווישן אָנגעשפּיצטע אַקסלען,
ווי דעם ווײדל צווישן זיינע הינטער־לאַפּעס,
אַן אויסגעצערטער, הונגעריקער הונט;
און אין פּוסטע קעשענעס
באָמבלען זיך צען פינגער,
ווי צען ניט־טויגנדיקע, אָפּגענוצטע שרויפן.

:: :: ::

נאָך ניט קיין פולן יאָר איז אַלט
דער זון פון בריקן־אינזשינער.
ווייסט ער נאָך ניט,
אַז דער טאַטע זיינער האָט זיין יענקי־שטאָלץ
פאַרטאַכלעוועט אויף ברויט.
זעט ער ניט,
אַז אונטער די רחמנות־בליקן פון פאַרבייגייער
קאָרטשעט זיך זיין מאַמע,
ווי עס וואָלט זי דאָ, אויפן ראָג פון סקווער,
איעדע רגע
אַן אַנדערער געשענדט.
ווייסט ער נאָך ניט,
אַז אַ סך, אַ סך מאָל מער
ווי אַ וואָגלענדיקער אינזשינערן־קאָפּ,
וואָס טרויערט אויפן חורבן
פון צוויי ווי אָפּגענומען־הענגענדיקע הענט,
זיינען זיינע וויינענדיקע צען חדשים איצטער ווערט
זיצט ער און ער וויינט:
ווייל דאָס קעסטל עפּל,

וואָס האָט אַ העלפט פון זיין קינדער־וועגעלע פאַרכאַפּט,
דער דעצעמבער־ווינט
און דער צער, וואָס מ׳שענקט אים פאַר זיין קינדערש געוויין,
זיינען עפּעס מאָדנע־פרעמד אַזוי,
און בייז,
און שטעכעדיק,
און קאַלט.

נאָך ניט קיין פולן יאָר איז אַלט
דער זון פון בריקן־אינזשינער.
ווייסט ער ניט פאַרוואָס
אַ בעטלערל איז ער אין זיין אייגן „גאָלדן" לאַנד.
ווייסט ער ניט,
אַז פון בריקן, וואָס זיין טאַטע האָט געבויט,
טראָגן ווינטן דורך באַגינענס
אין שטוב צו זיי אַריין
אַ דעצעמבער־פראָסטיק־גרויע נויט —
ווייל זיין טאַטע האָט זיין האַס זיין אייגענעם נאָך ניט דערקענט
און וואַקלט זיך אַרום אין אַ ברויט־ און קאַווע־ריי,
פאַרביי,
אין אבֿלות־איינגעטונקענע ווענט.

זיצט ער אין זיין קינדער־וועגעלע און וויינט,
ווייל דאָס קעסטל עפּל,
וואָס דריקט אויף זיינע אָרעמע חדשים אַזוי שווער,
דער דעצעמבער־ווינט
און דער צער, וואָס מענטשן שענקען אים דערפאַר,
זיינען עפּעס מאָדנע־פרעמד אַזוי,
און בייז,
און שטעכעדיק,
און קאַלט;
און ווייל ער ווייסט נאָך ניט,
אַז אים — דעם זון פון יענקי־בריקן־בויער,
וואָס שלייכט זיך נאָך דערווייל,
ווי אַ לעבעדיקער מת אין אַ תוהודיקער וועלט —
אים,
איז באַשערט
אַרום דער זון
מיט פולן שוואונג אין גאַנג צו לאָזן
אַ שפּאָגל־נייע ערד.

נױ יאָרק, יאַנואַר, 1931.

# ניט שלאָג, דו וויסטער בול — *)

ניט שלאָג, דו וויסטער בול —
פארשטייסט דען ניט אליין:
איך ליג דאָ אפן שטיין,
ווייל איך האָב אַ קאָפּ
און הענט און פיס וואָס זיינען מיד
און כ׳דאַרף אַ ביסל רו.

זיך אָפּטראָגן, זאָגסטו —
אָבער וואוהין?
פאלט דיר גאָרניט איין
אַז ערגעץ מוז איך זיין
און וואו איך גיי און וואו איך קום
בין איך, אַ באָם, דאָרט איבעריק
און אומעטום איז דאָ אזא ווי דו?

אַ לומפּ בין איך — נו, יאָ:
אָט קוקן פרעמד און בייז אַף מיר די ווענט —
כ׳האָב צוואַנציק יאָר אין זיי אריינגעבויט;
איצט ווייעט זי די שטאָט מיט פראָסט און הויבט זיך איבער מיר
ווי זי וואָלט אויסגעגרויט
אַ וויסטן אָנדענק
נאָך מיינע פראַצע־הענט.
נו, יאָ: צוויי צענדליק יאָר האָב איך
געקנאָטן און געצערטלט און געפורעמט זי, די שטאָט,
איצט ליג איך אויסגעשפּיגן דאָ
אַף דיין בראָט...

אַ לומפּ בין איך, קען זיין טאָקע דערפאר:
אונטער שלעסער דרעמלט מאַיעסטעטיש
דאָס רחבות וואָס כ׳האָב אָנגעבויט פאר אנדערע,
פאר די וועמען דו דינסט;
דער פוסט־און־פּאָס
באָדט זיך איצט אין ימען זון און וואוילטאָג אין לענדער וואַרימע
און — דאָס ווייב מיינס און מיין אָרעם קינד —
אין הקדש ערגעץ פוילן זיי אצינד!

אַ לומפּ, זאָגסטו, בין איך, דו בול —
זאָל זיין —

*) אַן אומפאַרענדיקטער מאַנוסקריפּט.

נאָר וואָרט:
די שטאָט, דאָס גאַנצע לאַנד איז פול מיט לומפּן פון מיין שניט;
און ווי וועט זיין צו איך, צום באָס דיינעם
און דיר, דו הינטישער לאַקעי,
ווען זיי וועלן ווי איך,
ווי אַנדערע,
דעם לומפּ דערזען אין זיך — — —
ניט שלאָג, ניט שלאָג, דו בול! —
אין מיין פאַרמעג
צוויי פויסטן האָב איך נאָך.
זיי זיינען אייזן־שטאַרק און קענען פאַלן שווער —
איז בעסער שטער ניט דאָס ביסל מיזעראַבלע רו —
איז בעסער גיי דיר אין דיין וויסטן וועג.

עליזאַבעט, נ. דזש., דעצעמבער, 1932.

# באַ אונדז אין קלוב

ס'איז אונדזער קלוב אַ היים, וואו ס'וואַרט די יוגנט־פרייד
אַף דיר, אַף מיר, אַף איר, אַלע אַלע די,
וואָס טראָגן זייער טאָג אוועק איעדן אינדערפרי
אין שאַפּ, אין פּיקעט־ליין, אין ארבעטלאָזע־ריי.

באַ אונדז אין קלוב גייט אַלע אָוונט אויף
דער יום־טוב פון צוזאַמענזיין און עבאָט אַפּ אין גאַס
אין ליד, אין טאַנץ, אין שפּיל, אין לערנען דעם באַרוף
פון דיר, און איר, און מיר — פון אונדזער קלאַס.

ניט חלום אויסגעכאַליעטער פון בלויען פּוסטאַקראַט,
ניט בענקשאַפט איינגעזייערטע אין בלאָטעס פון אַמאָל —
באַ אונדז אין קלוב קוועלט פראַסט און אַפן קול
דער דראַנג פון אים, און איר, און מיר צו שעפערישער טאַט.

ס'איז אונדזער קלוב אַ היים אַן זאָרג אין ארבעטער־קוואַרטאַל,
וואו ס'לויערט אום דער לענדלאָרד, ווי אין שאַפּ דער באַס;
און זי, און איך, און אַלע מיר — אַ שוץ, ווען ער באַפאַלט
די פרוי און קינד פון דעם וואָס ארבעטלאָז.

דו ביזט אַן ארבעטער — אַ חבר מיר, און אים, און איר;
אונדזער יום־טוב פון צוזאַמענזיין וועט גרעסער זיין מיט דיר.
טאָ קום צו אונדז אין קלוב אריין, דו וועסט ניט זיין קיין גאַסט,
אַן אייגענער ביזטו, אַ גליד פון אונדזער קלאַס.

ס'איז אונדזער קלוב אַ היים, וואו ס'וואַרט די יוגנט־פרייד
אַף דיר, אַף מיר, אַף איר — אַף אַלע די
וואָס טראָגן זייער טאָג אוועק איעדן אינדערפרי
אין שאַפּ, אין פּיקעט־ליין, אין ארבעטלאָזע־ריי.

1933.

# צו וואָל-סטריטס ווייסן הויז

שטראָם דעם זאַפט פון לאַנד אין דעם ים אַריין,
וואַרף אין פלאַם דאָס קאָרן און דעם באַוול און טאַנץ דיין וואַקכאַנאַליע־
טאַנץ באַם שיין —
דו מיינסט: דאָס פאָלק וועט פגרן און וועט דיר מוחל זיין —
דו ראַפינירטער שווייַן!

דיין שנוק האָט ער אַליין מיט גאָלד באַפּוצט,
זיין אייגן מאַמעס מילך אָוועקגעגעבן דיר, זיין לעבנס אַלדאַסגוטס —
איצט רוקסטו טיף אין האַרצן אים אַריין דיין שנוק און שפּייסט אַהין
דיין שמוץ,
און כרוקעסט נאָך: ער ברענגט דיר גיט קיין נוץ.

אין געשיכטעס מיטן־נאַכט, ווי אין ווילדן וואַלד אַ בער,
באַפאַלן ביזטו אים, דעם פּראַצע־מענטש, ווען ער
האָט מיט זיין שוויים געוויקט די ברכה פון זיין האַרטער ערד —
זינט דאַן האָסטו ניט אָפּגעלאָזט אים מער.

זיין חכמה אויסגענאָגט האָסטו און אים אָוועקגעשטעלט
פאַר סקאָרינקעס מיט מאַך דיר אויסבויען אַ וועלט.
איצט שוידערט־אויף אַף דיר דיין פאַרפומירטע פעל:
עס זאָל די נויט זיינע ניט פּלאַצן באַ דיין שוועל...

נאָר הער: אַמאָל אין זיין באַגין,
נאָך איידער ס'האָט דער מענטש דערקענט די בכורה פון זיין מין,
האָט זי טאַקע, די נויט, אויג אַף אויג געשטעלט אים מיטן טויט און
אויסגעלערנט אים
פון קאַמף דעם זין.

ווי יענער דאָרט דערנאָך וואָס האָט
אין בלענדעניש זיין אייגן איך געפירט צו מאַלאַכס עשאַפּאָט
און סוף כל סוף באַם שייטערהויפן־שיין דערזען דעם מלאך־המות־פּרצוף
פון זיין גאָט —
דערקענט ער דיך אַצינד און דיין געבאָט.

איצט שטייט ער אויף אף דיר. ער פאָכעט שוין פאַנאַנד
אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד זיין רויטן אוראַגאַן —
אָ, אָ, און ווי וועט זיין צו דיר ווען ער, דער פּראָמעטיי, וועט זיין פולן
הויפן בראַנד
א שליידער טאָן אף דיין שוויינען־טעמפּל־וואַנט!

טאָ שטראָם דערוויל דעם זאַפט פון לאַנד אין ים אריין,
וואַרף אין פלאַם דאָס קאָרן און דעם באַוול און טאַנץ דיין לעצטן
וואַקכאַנאַליע־טאַנץ באַם שיין —
דו האָסט געמיינט: דאָס פאָלק וועט פגרן און וועט דיר מוחל זיין —
דו ראַפינירטער שוויין!

יאַנואַר, 1933.

# אין טויזנט לבנה-נסיעות

1

די זעלבע לבנה. נאָר דעמאָלט —
בעת מיר האָבן זיך ביידע געאַמפּערט,
דאָרט אין די קעטסקילס, באַם נעווערסינק-ריווער,
איז זי ווי אַ מיצל פון לויטערן חוזק,
אַפן קאָפּ פון אַ גרייז-גרויען חכם,
געזעסן אַפן שפּיץ פונעם באַרג
און מיט גלייכגילט אונדז ביידן באַוואַכט
און פאַר נאַראָנים באַטראַכט.

איך בין געזעסן אים קעגנאיבער,
געקוקט ווי עס צוקט זיין צעצונדענער פּנים
און טוקט זיך אין לויטערן חוזק;
און האָב פאַרנומען
דורך שטומען פאַרנאַכטיקן פאַרבן-געראַנגל
שטיקער סטודענטיש-ראָמאַנטישן פיבער
און אינאיינעם מיט פונקען איראָניע
נאָכאַנאַנד זיי דערטרונקען
אינעם זילבערנעם רויש פונעם ריווער.

:: :: ::

אין איינער פון די קעטסקיל-בערג-הייזער
האָט ער
יענעם זומער ווי אַ קעלנער געדינט
און איך — ווי אַ פּאָרטער.
ער האָט מיט חלב געפּלאַסטערט
אַ שיכט אויף אַ שיכט
צערעפּעטע מיטלקלאַס-ווייבער,
און איך האָב געשקראָבעט שיכטן מיט שמוץ,
באַצויגן די וואוילטאָק-געצעלטן מיט פּוץ
און געשפּיגן פון זיך
דעם עקל פון איבערגעקאָרמעטע לייבער.

אַלע פאַרטאָג,
ווען די זון האָט נאָר וואָס דעם שפּיץ פונעם באַרג,

ווי א קו איר אָקאָרשט געבוירן קעלבל,
געגעבן איר ערשטן מאַמישן לעק;
און איידער זי האָט נאָך דעם נעווערסינק ריווער
באַוויזן צו שענקען איר ערשטן פורפּורנעם גלעט;
און איידער עס האָט נאָך איר גאָלדענער בעזים
געענדיקט פאַרקערן די רעשטלעך פון נאַכט אויף זיין בעט,
האָט מאַרטין זיין שטאָלצן סטודענטישן ראַנג
וואָס טאַטשעט מיט בייזע חלומות זיין שלאָף,
ווי א קרענקלעך־דאָקוטשליווע קעצל,
געטראָגן צום טייך...

נאָכדעם האָט מאַרטין פון אונטער זיין טאַץ, ווי פון אונטער א חופּה,
זיין שמייכל צו שמאָלציקע ווייבער געווענדט,
ווי אין יעדער פון זיי וואָלט ער פּלוצים זיין כּלה דערקענט;
און געטאַנצט און געשמייעט אין דער לענג און דער ברייט פונעם זאַל,
ווי א גוראַלניק וואָס שטאָפּט זיינע אָקסן מיטברייע אין שטאַל;
און זיך פּאַיאַציש געוויגט און געגוויגט
צום טאַקט פון אָפּשניצל־קלאַנג,
ביז ס'האָט דער אָוונט מיט שאָטנס, ווי א פאַרליבטער מיט הענט,
גלעטן גענומען צעבאָליעטע לייבער און צו טונקלקייט דראַנגען צעברענט,
און נאָכדעם צו זיך זיי געטוליעט, און איין לייב צום צווייטן, אין וואַלד
און אויפן קאַרק פונעם באַרג.

דעמאָלט האָט מאַרטין, ווי א בעטלער זיין קאַליקע־גוף,
זיין מידקייט צום נעווערסינק ריווער געשלעפּט;
און פונקט ווי ער וואָלט ענטפערן עפּעס א מיסטישן רוף,
איז ער אונטער־וואַסער אַראָפּ און לאַנג דאָרט געבליבן פאַרזונקען,
ביז ער האָט דאָרטן זיין קעלנערשע שפלות דערטרונקען
און געפונען און אָפּסניי אויפגעלעבט
זיין שטאָלצן סטודענטישן ראַנג.

אַזוי פלעגט ער דרייצן פאַרטאָגן און דרייצן פאַרנאַכטן,
באַגינען זיך טובלען צום דינען און פאַרנאַכט צום פאַראַכטן.
אויפן פערצנטן פלעגט אונדזער קעלנער אינגאַנצן ניט ווערן —
ס'פלעגט מאַרטין — קאָלאָמביאַ־סטודענט — זיך טראָגן צום באַרג אַזש אַזוי,
אַז א חברס „גוט־מאָרגן" דעם קעלנער האָט בלויז
אויף א רגע געקענט זיין סטודענטישע דבקות פאַרשטערן.

דערנאָך, אפֿן בארג, פּלעגט מארטין־קאָלאָמביא־סטודענט,
ווי צאראטוסטרא בא ניטשען, זיך קוויקן מיט איבער־רעיונות:
פֿון מענטשלעכע ווערים וואָס ראַיען זיך דאָרט ארום הויז,
פֿון סאלעדזש קאָלאָמביא — זיין העכערע וועלט,
פֿון זיך, זיין דעגרי און יוריסטן־גאונות.

אָט זעט ער:
כוע שלענגלען זיך שטראַלן אין גאָלדענע אותיות אויף —
דאָס וויקלט פּאַנאַנדער די זון זיין ריכטער־בארוף.
ניט אף אן אלטן צעוויכניעטן קאָרטש — אין א זאַל אויבנאָן
ער זיצט אף א רומפּולן, ריכטערישן שטול, ווי א טראָן.
הינטער אים זיין אַלמעכטיקייט רוט אף דער פֿאָן פֿון זיין לאַנד.
אַרום אים זיינען שטיקער פּארפּוצטע הכנעה׳ צעשטעלט
און גליווערן אוים נאָר ווי גולמס: „מיר ווארטן, באפֿעלט.״
און הונדערטער אויגן גלעטן זיין ריכטער־ראָטאָנד.
און צינגער ווערן צעבונדן און קענען נאָר בעטן גנאָד
און ווידער ווערן פֿארשטומט, לויטן מינדסטן ריר פֿון זיין האַנט.

און ס׳בוקן זיך מענטשן צו אים:
— אייער הערלעכקייט, קויפֿט אונדזער זינד,
מיר זיינען באַרייט אייך צו צאָלן
מיט לייב און מיט געלט און מיט בלוט —
אָ, זאָל אייער הויכקייט זיין גוט
צו זיך און צו אונדז —
סיי־ווי איז גערעכטיקייט בלינד . . .

און ער זיצט און ער ציילט מאיעסטעטישע ווערטער — זיין וואָרט איז געבאָט —
און ער שפּילט זיך מיט לעבן און טויט אקוראַט ווי א גאָט — — — — — — —

פּלעגט טרעפֿן אמאָל:
ס׳איז יום־טוב, ס׳איז מאָנטיק, דער פּערצנטער טאָג.
איז מארטין־סטודענט, איז דער קעלנער ניטאָ
און ער זיצט אפֿן בארג און ער וועבט זיך פֿון שטראַלן זיין גאָלדענע שעה.

נאָר פֿאַר מיר איז דאָך אויך דאָ א פּערצנטער טאָג —
און די זון האָט דאָך שטראַלן נאָך מער ווי צופֿיל,
און איך האָב דאָך אויך א פֿאנטאזיע וואָס שפּילט,
כאָטש צו א קאָלעדזש־סטודענטישן ראַנג בין איך קיינמאָל ניט זוכה געווען —
איז פּלעגט טרעפֿן אמאָל:

איך שפּאַציר זיך אַרום
און נעם זיך שטראַלן צונויף באַ דער זון
און פלעכט זיך דערפון
חלומות פון ווי און פון האַס,
פון אַרבעטער־קראַמף אין פאַבריק און אין פעלד,
פון גערַאנגל אַף סקווער און אַף גאַס;
חלומות פון צייטן,
וואָס וויקלען זיך אויס אין טאָרנאַדעס,
און טראָגן זיך אָן אין אַ מאַרש פון קברנים־בריגאַדעס
און האַלטן, ווי פאַקלען, צעצונדענע צינגער אין דרויסן
און וויגן זיי הין און צוריק און לעקן אַ לעק נאָך אַ לעק
אַף אַ פאַרעלטערטן היינט,
וואָס כמורעט און שפּרייט זיך און ראַסטיקט אויס טעג,
ווי זשאַווער אַף קופּעס מיט אַלטוואַרג;

חלומות פון צייטן,
וואָס הילן אין פאָנען פון פייער זיך איין
און שפּאַנען און צינדן אַרונטער דעם היינט,
וואָס שמעקט שוין מיט ריח פון פגר און קרעכצט ווי אַ גוסס
אַף פּלויטן און וועלדער צעגרינטע מיט שימל פון נעכטנס,
אַף דערפער און שטעט וואָס גרויען ווי הורבעס פאַרשטיינערטע יאָרן;

פון צייטן וואָס וויזן
ווי ס'הייבן אין רויכן זיך אויף פון נעכטנס די פּלויטן,
ווי ס'לייזט אין די וועלדער דער שימל זיך אויף, און זיי ווערן פאַרוואַנדלט
אין קנויטן,
און ס'גליט זיך פאַנאַנדער דער הימל אין רויטן און זעט:
עס כוואַליען אַף שטעט און אַף דערפער טייפונען

און שקראָבען

און וואַשן

און קעמען

און שווענקען פון דאָרטן אַרונטער

דעם ברודיקן שוים פון פאַרגאַנגענע הונדערטער יאָרן.

איז אין אַט אַזאַ טאָג —
ווען כ'שפּיר ניט דעם עקל פון שקלאַפישער אַרבעט
און איך וואַנדער אַרום און עס צאַפּלען און מיניען זיך מיר פאַר די אויגן

די שטיקער פון נעכטן, פון היינט און פון מאָרגן, ווי פאַרבן אין רעגנבויגן—
דאָס וואָס איך רוף אָן חלומות —
פלעגט זיך מאַכן אַמאָל:
איך טרעף אַפן באַרג דעם קאָלאָמביאַ־סטודענט,
איז פלעגט זיך גלוסטן אַ קלאַפּ טאָן דעם קעלנער אין קאַרק
און אויסרופן: — זאָג!
עי, זאָג, חבר... זאָג נאָר... רייד... אָדער הער...
זאָג... ווער איז דאָ שולדיק?... רייד... זאָג אַליין, ווער?..

נאָר ער הערט ניט, דער קעלנער, ער איז ווי ניטאָ.
דאָ זיצט נאָר און דופּעט אַ קאָלאָמביאַ־סטודענט.
ער זיצט דאָ און דיבוקט און קען מיך ניט זען.
ווי אַ נאַכטוואַנדלער זיצט ער דאָ שעהן און שטומט
און דערקענט ניט זיין חבר, ווי יענער דער וואַנדלער ווען ס'קומט
זיין לייבלעכער ברודער אים העלפן צו אויפהערן קריכן אַף דעכער און ווענט,
ווי יענער, דער וואַנדלער, אין נאַכט, וואָס חברט מיט שאָטנס זיך בלויז,
זיצט, זיצט דאָ דער נעכטיקער קעלנער
און איצטיקער מאַרטין־קאָלאָמביאַ־סטודענט
און וועבט דאָ פון שטראַלן אויס שאָטנס
און בויט פון זיי זאַלן און פּאַנען און גולמס און שקלאַפן,
וואָס נויגן זיך, קניען און פאַלן פאַר אים
און לייגן אַוועק באַ זיין טראָן
כבוד פון לעבן און אוצרות מיט געלט.

און ער זיצט און ער קען פון זיין טראַנס ניט אַרויס
און ער וועבט זיך פון זונשטראַלן נאַכטיקע טיכער אַף אויגן און אויערן אויס
און פּענטעט דערמיט זיך זיין קעלנערשן גוף
און זעט ניט די שיין אַרום אים
און הערט ניט זיין חברס
און אייגענעם רוף.

אַזוי פלעגט ער, מאַרטין, דער קעלנער־סטודענט,
דרייצן פאַרטאָגן און דרייצן פאַרנאַכטן
באַגינען זיך טובלען צום דינען און פאַרנאַכט צום פאַראַכטן.
דעם פערצנטן מאָרגן (אויב נאָר די זון פלעגט עס וועלן)
פלעגט אַף זיין אַלטן צעוויכניעטן קאָרטש אַפן באַרג
דער קאָלאָמביאַ־סטודענט פון שטראַלן אַ שפּינגעוועב וועבן
און דערמיט זיך די אויגן פאַרשטעלן.

דערנאָך פּלעגט ער ממש דערשפּירן
ווי ער זיצט אַף זיין ריכטערשן טראָן
אויבנאָן אין זיין גאָלדענער צוקונפט...

נאָך מיטאָג פּלעגט מארטין באַם הויז זיך באַווייזן
און שענקען דער ערד זיינע טריט און די ארבעטער — בליקן,
פּונקט ווי אַ קרוינפּרינץ אַמאָל וואָס פּלעגט דאָס לאַנד און די שקלאַפן
איינמאָל אין יובל מיט פּרינצלעכער גלאָריע באַגליקן.
און פּונקט ווי דער קרוינפּרינץ אַמאָל פּלעגט זיין יחוס פּארגויגן,
באַם מאַיעסטעטישן שוועל פון זיין פּאָטערס קארעטע,
אַזוי פּלעגט דערנאָך דער קאָלאָמביאַ־סטודענט
באַם אויטאָ פונעם הויז־באַלעבאָס זיין שטאָלץ אַ ביסל פאַרבויגן
און מיט דער האַנט אַפן בוזעם, ווי דאָרט וואָלט געלעגן זיין צוקונפט,
פּלעגט ער גאָכדעם זיך טראָגן צום באַנק אין דערבייאיקן שטעטל.

:: :: ::

איינמאָל —
ווען ווי אַן איבערגעלאָדענער וואָגן גינגאָלדענער זומער,
וואָס קריכט און בלייבט שטעקן אינמיטן פאַרנאַכט אַפן וועג צו זיין שייער,
און נעמט דערנאָך שטרעקן צוריקוועגס, ווי איינענע שטראַלן,
צעבלישטשעטע גאַפּלען
און זוכן פאַרלאָרענע סנאָפּעס,
איז דער טאָג, אַ געפּלאַצטער פון רייפקייט,
געקראָכן אהיים צו זיין נאָרע אין מערב,
ביז ער איז שטעקן געבליבן
דאָרט וואו עס גיסט זיך צוזאַמען דער טייך מיטן הימל,
און הינטער זיך מיט צעקרעלטע, פאַרבלוטיקטע פינגער
גענומען צונויפשאַרן רעשטן מיט זוניקער שפּע;

און איך בין געלעגן באַם געווערסיגן ברעג
און געקוקט ווי עס יאָגט זיך פאַרסאָפּעט פון מערב דער טייך
און ס'דוכט אים: ער טראָגט אין צעווינטיקטע פאַלעס
פּלאַכטעס צעשמאָלצענע זון,
און געטראַכט
ווי ס'פאָרט הואווער פון וואָלסטריט־יאַריד
און פירט מיט זיך מיט
אַ פאַזעכע פוסטקייט — אַ בינטל פאַנטאָמען — אַ זכר פון נעכטיקע טעג,
און מיינט אַז דאָס טראָגט ער אַ גאָלדענעם ווינט

פאַר אַמעריקעס פאַרעלטערטער מיל;
און די לבנה אַרויף איז אַפן שפּיץ פונעם באַרג
און איינאויגיק אַרונטערגעקוקט אַף דער שפּיל
און מיט גלייכגילט געוואונקען צו מיר
און געחוזקט, געחוזקט דערפון —

דעמאָלט האָט מאַרטין מיין אַקסל באַרירט,
אַ פּאַפּיראָסל געבעטן, און ווי לפנים געפרעגט:
צי איך גלויב אין דער אומשולד פון סאַקאָ־וואַנזעטי,
און ווידער, צי לאָזט זיך דען גלויבן
אַז דאָס העכסטע מאַסאַטשוסעטס־געריכט
האָט פאַרמשפּט די צוויי בלויז דערפאַר
וואָס זיי טראָגן מיט זיך אַ געפאַר פאַרן לאַנד.

און דערנאָך —
אַז כ׳האָב דעם קעלנער באַקענען געפּרוואווט
מיט זיין לאַנד, ווי דאַנטען ווירגיל מיט זיין אייגענעם גיהנום,
איז דער קאָלאָמביאַ־סטודענט,
ווי איינער וואָס זעצט זיך אין שלאָף
און דעקלאַמירט אַ ליד פון אָנהויב ביז סוף
צו דער לבנה וואָס גנבעט די נאַכט פון זיין בעט,
געזעסן האַרט באַ מיין זייט
און פּראָקלאַמירט זיין אַמעריקעס אַנדערשדיקייט:

— אָפּטמאָל, נאָך מיט דורות און דורות צוריק,
האָבן קינדער אייראָפּעס, אַף דעם מאַטעריק,
אַף אייביק פאַרשניטן די שטריק, וואָס האָט זיי געהאַלטן געפּענטעט צו זייער
דעספּאָטישער מאַמען...

— און צו האַרן פון יחוס האָבן זיי מער ניט געקנים,
נאָר ס׳געבאָט פון „נאַטירלעכן אָפּקלייב" געהיט;
און ס׳האָט די רחבות דאָ יעדערנס טריט
פאַרבעטן מיט צוויט, אָנשטאָט שטשירען מיט אַלטע פאַרהייליקטע צאַמען...

— און נאָר דער וועלכער טויג שטייט זינט דעמאָלט באַם רודער פון לאַנד,
און עס מיט זיך דאָס פאָלק, און עס גייט זיך די פרייהייט איר גאַנג,
ווי דער גאָלפשטראָם אין ים,
און... אונדזער ערד וועט פון פרעמדע גיפטיקע זאָמען קיינמאָל ניט לאָזן
זיך סמען...

און לאַנג נאָך
פון פאַרגאַנגענע גאָלדענע טעג
און פון טעג וואָס זיינען גאָרניט געשטויגן,
האָט באַם טייך יענעם אָוונט דער פאַרבלענדטער סטודענט
זיין ווערסיע געצויגן,
ווי באַ אַ קלויסטער אַ בלינדער, וואָס טאַפּט מיט באַבעלמעטע אויגן
שטיקער מיט האַרבסט אין אַ קרעציקן הימל
און דרייט אַ פאַרעלטערטע לירע
און זינגט דערביי שירה
צו אַ ניטגעשטויגענעם, אייביקן פרילינג.

2

פון זיין גאָלדענער צוקונפט איז אַ גאָלדענער שטויב
קוים אָף מאַרטינס דיפּלאָמע פאַרבליבן.
דערנאָך האָט די צייט, ווי פון אַ קלויסטערשער שויב,
זיין סטודענטישן גלאַנץ אָפּגעריבן.

:: :: ::

ס'האָט אַ ווינט זיך צעוויַיעט קאַפּויער איבער אַלץ
אין אַמעריקעס שטאָלענעם שטייגער,
ביז אין איינעם אַ טאָג איז באַ וואָלסטריט אין שטאָל
דאָס פּראָספּעריטי־קעלבל געפּגרט.

און קאַפּויער יאָגט דער ווינט זיך זינט דאַן און צעגרוילט
אַ שפּעט־האַרבסטיקן קראָען־געזאַנג,
און צעטראָגט איבער סקלאַדן מיט שפּע וואָס פוילט
און פוסטע פאַבריקן — פאַרגאַנג.

לאָדט מען וואַגאָנעם מיט ברויט און מיט האָניק
און מ'דאָמפּט און מ'סמט דערמיט טייכן;
און מיט הייסן מעטאַל פּילט מען אָן די וואָס מאָנען:
„ס'איז אונדזערס די שפּע פון שפּייכלערס.‟

כמורען זיך שטרעקעס, ווי וויסטע בית־עולמס,
מיט פאַבריקן — פאַרשטיינערטע קברים —
און סע זוכן די קומענס צווישן וואָלקנס, ווי גולמס.
זייער שטאָלץ פון פאַרגאַנגענע יאָרן.

אַמעמט דער שמעלצטאָפּ אַריין אין זאַוואָד
אַ שוואַרצן פאַרגליווערטן געגעץ,
וואָרט דער שמעלצער פאַרנודיעט פון יויזלס געבאַט
פאַר קאַווע און אַ לויזיקן פּענעץ...

באַטרייבט איר אינדוסטריע אין וועבשטול די שפּין,
און דער וועבער אַוועק איז אין קריג קעגן האַר;
און סע שלעפערט דאָס ווייב איין איר הונגעריק קינד
מיט אַן אַמתער מעשהלע: „דאַבליו איי אַר".

ראַסטן אויף האַפּנס אין דרעמל די קראַנען,
ווי בושלען אויף אַלטע פאַרלאָזענע סטריכעס,
און אונטן דערציילט וועך פון פינפּיאַריקע פּלאַנען
אין אַ לאַנד פון לויטער פּראָלעטישן יחוס.

שפּרייטן זיך שאָכטעס ווי צעבראָסטעטע וואונדן
אויף אַ גרויזאַמער, גוססער בריאה;
זייגען די מיינערשע דערפלעך צעצונדן
פון הונגער און שלאַכטן און קלאַסן־נביאות...

פּויזעט און קרעציקט די הונגער־מגפה
אַמעריקעס הינטער־קוואַרטאַלן,
און צעזשאַרעט אין גלידער און בליקן אַ שרפה
פון האַס צו מאַמאָנס קאַרדינאַלן.

צעבליען זיך וועלדער פון פּראָצע־פּראָצעסיעס
מיט פּראָלעטישע פּויסטן, ווי קללות,
און ציען דורך שליאַכן צו בלוטיקע סעסיעס
און טראָגן דעם אָנזאָג: מפּלה.

:: :: ::

אין אָנהויב האָט מאַרטין פאַר אַ פּינפּערל שכירות,
ווי אַ פּרוש אין קלויז צווישן ספרים,
געצערטלט זיין צוקונפט און פרעמדע עשירות
אין לאָיערשע הינטער־חדרים.

אין שטאָט האָט די נויט שוין געפּראַוועט פּאַראַדן,
געמאַכעט באַם ראַטהויז מיט סערפּ און מיט האַמער,

נאָר מאַרטין האָט זיך און זיין דחקות געלאַדן
צו אוונט־נזירות אין איינזאַמער קאַמער.

נאָר דאַן שוין, פאַרנאַכטן: דער יאוש נעמט נאָגן
און ער בלאָנקעט זיך סתם איבער געסלעך אַרום
און עס רופן די רויטע צו רעדלעך אַף ראָגן
און סע דאַכט אים: זיי ריידן פון זיינעם אַ מום...

און אין איינעם אַן אָוונט: דער גאַזלאָמפּ וואָס קורעט אין דירה
וויל ווידער צעכמורען זיין חלום אַף גרויקייט פון ווענט —
ערשט — עס לויכט זיך פאַנאַנדער אַ סתירה —
אַ „וואָירקער" צעוויקלען די קעלנערשע הענט...

און דער ווינט האָט דערוויל זיך געווייעט קאַפּויער, ווי כשורה,
און פאַרנומען אויך מאַרטינס מיזערנעם געהאַלט,
און נאָכדעם אים אונטערגעטראָגן די בשורה:
די „באַר" *) האָט דערקלערט אים ניט „פּאַסיק" בכלל.

ווי אַ בינטל מיט ווערטלאָזע אַקציעס, אַ יורדס פאַרמעג,
איז מאַרטינס דיפּלאָמע, זיין געמפּלטע צוקונפט,
אַ נאָכוויי געוואָרן, אַ בלעטל געשיכטע פון פיינלעכע טעג,
אַ צייכן פון ביטערן דורכפאַל.

אַרויף צו די העכערע ספערן דערקלעטערט
האָט ער קוים אַפּן לייטער פון אייגענע יאָרן —
ליגט ער דאָ אונטן, זיין לייטער צעשמעטערט,
און אַלץ איז אַף אייביק פאַרלאָרן.

זיין מאַמע האָט דעם טאַטן לא־יוצלח גערופן
און געהאָרעוועט אַליין און געקרענקט
און געציילט זיינע יאָרן און ניט אויפגעהערט האָפן
אַף אים פון זינט ער געדענקט.

אָט איז זי, זיין דאַליע, זי וואַרט אַף אים דאָרט
אין אַמעריקעס בעטלערשע רייען —
ער דאַרף נאָר אַרונטער זיך שטעלן און גאָר...
און דאַנקען די טעג וואָס פאַרגייען...

*) „באַר" — אַדוואָקאַטן־געזעלשאַפט, וואָס גיט אַכטונג, אַז קיין „אומפּאַסיקע" זאָלן ניט אַריין אין זייער פּראָפעסיע.

א חלום געווען איז דאָס אַלץ און ניט מער
פון אַ ריטער פון הויכע באַגערן —
געמיינט אַז דעם אייגענעם גורל וועט ער
און דעם גורל פון פרעמדע באַשערן.

:: :: ::

ווער ווייסט ווי לאַנג דער סטודענט וואָלט געזעסן
און באַקלאָגט זיין פאַרשטאַרבענעם מאָרגן,
ווען ס'וואָלט ווער זיך דערמאָנען צו ברענגען אים עסן
און אַ ווינקל אים ערגעץ באַזאָרגן.

און אַזוי האָט דער הונגער דעם קעלנער־סטודענט
אַרונטער אַף גאַסן געטריבן,
ביז ער האָט זיך צווישן קעלנער דערקענט
און צו אַ קעלנערשן מאָרגן דערקליבן...

:: :: ::

ווי לאַנג ס'נעמט אַ שטערן זיך אָנצינדן אָדער אַרונטער פון הימל —
די לבנה געדענקט שוין אַליין ניט זינט ווען זי באַלויכט בלויז מיט גלייכגילט
אַזעלכע חשבונות;
איז קען זי אודאי ניט וויסן ווי לאַנג ס'האָט דער קעלנער אין זיינע
סטודענטן־רעיונות
זיך אונטער זיין גאָלדענער וויזיע געוואַלגערט, ווי אונטער אַ קאָלדרע
פון שימל.

נאָר סיי־ווי —
אַז געמאַכט האָט זי זינט יענעם אָוונט ניט מער
ווי אַרום־און־אַרום אַ טויזנט נסיעות,
גאַפט זי אַצינד און ס'קומט איר אָן שווער
דורך לויטערער שיין פון אונטער די גרייז־גרויע וויעס.

זאָל זיין אַז דאָס אויג איז איר קאַליע שוין גאָר?
צי אפשר חלומט זי גאָר
פון מיליאָנען, מיליאָנען נסיעות צוריק? —
אָט זעט זי דאָך פּאָרט:
דער טייך קרישלט זיך אָפּ פון דער נאַכט שטיקלעך קרישטאָל
און שפּיגלט זיך, שטיפט זיך דערמיט;

אַט וואָגלט די שטיינציים און סע שאָטנט דער פּחד פון היילן איר נאָך...
אָבער אָט, אַף אַ בערגל באַוואַקסן מיט מאָך,
זעט זי דאָך, ער...
טאַקע ער... וואָס באַם נעווערסינק ברעג...
און אָט איז דער דריידאַק, און אָט איז דער בריק...
נאָר סע רינגלען דאָס בערגל דאָך ווילדע אַרום...
און אַפן בערגל... נאָר ער...
ווי קומט ער אַהער — אָט דער פון די גאָלדענע טעג...
וואָס איז דאָ — צי דרייט זיך איר סדר צוריק
און ס'וואַנדלען איר נאָענטע נאָך?...
צי האָט פון איר וועג
זי פאַרשלעפּט אין אַ העק
אָט דער —
אין נעיעג נאָך פאַרגאַנגענע טעג?...

:: :: ::

די זעלבע לבנה, אַף איר זעלביקן וועג —
איצט אָבער (שפּעטער מיט עטלעכע יאָר)
איז זי שטעקן געבליבן צווישן וואָר און ניט־וואָר
איבערן אירי־באַסיין אין ניו יאָרק.

:: :: ::

שטיל ליגן די שיפן אין האַפן
און טוליען זיך איינע צו צווייטער,
ווי האַרדעס פאַרזעעניש־ברואים,
וואָס האָבן פאַרבלאָנדזשעט אַהער פון פאַרצייטן.
שטיל פידלט דער ווינט איבער מאַסטן
און זשומעט פאַרטרויערט אין קוימענס,
ווי ער וואָלט זיי אין אויערן רוימען
נאָרניט קיין פריילעכע בשורות פון אַמעריקעס ווייטן.

שטיל, כאָטש ניט יום־טוב, ניט זונטיק —
ווי דאָס שלאָגן פון ניו יאָרקס מעטאַלענעם דופק
וואָלט געוועזן דאָ פון לאַנג שוין פאַרגעסן.
שטיל, ווי דאָס קלאָגן אַף איר אייגענעם חורבן
איז דער געננט שוין אויך לאַנג דערעסן.

שטיל האַלאַוויעט אַרויס די „סאָלווישאַן אַרמיי” דאָ אַ קרעכץ
און באַפּרעפּלט דעם עלנט מיט יעזוסעס געטלעכע ליידן
און הואָווערס גרויסמוטיקן גנאַד;
שטיל הייסט זי ווייכן פון די טרעגער פון שלעכטס —
די רויטע טייוואָלים וואָס וואַגן זיך שטעלן
קעגן הייליקן ווילן פון גאָט.

שטיל, דוכט זיך, שלייען מאַמעס אַרום,
ווי זיי וואָלטן געווען דאָ איינע דער אַנדערערס שאָטן.
שטיל גנבעט קינדער די נויט דאָ פון לעבער אַרויס,
ווי אַזוי וואָלט געווען פון קדמונים געבאָטן.

און שטיל, דוכט זיך, שפּרייט דאָ דערביי זיך די הואָווערשטאָט אויס
און קלעטערט און לאַטעט מיט זשאַווער
דעם מיסטבאַרג פון אַמעריקעס גאָלדענעם נעכטן,
ווי עס לאַטעט גאַנגרין אויס מיט טויט
אַ פאַרגיפטעטן מענטשלעכן קערפּער.

און שטיל, קען זיך דוכטן, ווי פאַרהונגערטע בעטלער,
בראָדיען דאָ אום אַפן סמעטניק
מאַטראַסן, וואָס האָבן ערשט נעכטן
מיט פעלזיקע ברוסטן געבראָכן
אָקעאַנישע שטורעמס.

און שטיל, קען זיך דוכטן, צווישן ברוכווארג פון יאָרן,
אַפן באַרג וואו עס זשאַווערט אַמעריקעס וואונדער,
פאַרגייען זיי — יענע וואָס האָבן פאַר וואָלסטריט
דעם גאָלדענעם עגל געפורעמט.

נאָר אַלץ אָפטער באַווייזן זיך רויטע צווישן הואָווערשטאָט-נעסטן,
ווי טרעגער פון פייער אַף מיסטן,
און נעמען צעצינדן די פונקען פון צאָרן אין יאוש-געמיטער
און צעוויקלען דעם רויטן געוויטער.

נעמען פאַרחלשטע גלידער זיך שטייפן
און איינער דערקענט אין די אויגן פון צווייטן
דעם ווערט פון די אייגענע כחות;
גייט אויף די דערקענונג און הייבט אָן צו רייפן
ווי פון ווילדגראָז געלייטערטער זומער אַף בייטן,
און צעלויכטן פאַרטונקלטע מוחות.

און איינמאָל, פאַרנאַכט,
א רויטער שטאַפּעט האָט מיט הוואַרשטאָט־מענטשן
קאָנטאַקטן געמאַכט:

— אַמאָל, נאָך מיט דורות און דורות צוריק,
האָבן ווייסע דעם אינזל אויף יענער זייט בריק,
פון אן אָרעמן שבט אינדיאַנער פאַר א נישטיקן לוין אויסגענאַרט.

— דער אינזל איז דאַן נאָך א ווילדער געווען,
נאָר ס'האָבן די שווינדלער שוין דעמאָלט געזען
סאַרא אוצרות מיט רייכטום ער טראָגט אויף זיין קאַרק.

— האָבן זיי שיפן מיט ווייסע און שוואַרצע געבראַכט,
אונדזערע טאַטעס פאַר שקלאַפן געמאַכט
וואָס זאָלן דורך פּראַצע און נויט זאַמלען די שפע פאַר זיי.

— און לאַנג האָבן דורות פאַר יענע געשקלאַפט
און פּאַלאַצן און שפּייכלערס עשירות פאַר יענע פאַרשאַפט
און אַליין זיך אין פינצטערע שטייגן געקאַרטשעט פאַר דחקות און וויי.

— און ניט נאָר דעם אינזל מאַנהעטן און ניט נאָר אָט דעם קאָנטינענט —
אומעטום האָבן הערשער צביעות און הונגער און מאָרד אָנגעווענדט,
ביז מיט דער הילף פון גאָלד און פון צלם און שווערד
איז זיי געלונגען פאַרכאַפּן די ערד.

— נאָר ס'האָט אָט דער קלאַס איבערטראָפן זיין אייגענע שפּיל:
ס'האָט פּראַצע פון דורות בא אים אונטער שלעסער זיך אָנגעזאַמלט צופיל
און צווינגט אים פאַריאָגן די מאַסן פון פעלד און פאַבריק און זאַוואָד
און זיי לאָזן איינגאַנצן אויף הפקר און הונגער־באַראָט...

— און טיף אין דער מאַסע האָט לאַנג דער האַס און דער צאָרן געקוועלט
און ניט איינמאָל האָבן מענטשן פון פּראַצע די פלאַמען פון אויפשטאַנד
צעהעלט,

ביז מיט אַן אַנדערהאַלבן יאָרצענדליק צוריק
האָט א פאָלק פון א זעקסטל־חלק ערד דעם קלאַס פון די הערשער פאַריאָגט
און מיט זיך זינט דאַן און געניסט די פרייד פון זיין מי
און לויכט ווי א ביישפּיל פאַר די
וואָס טראָגן אויף זיך נאָך פון הערשער די פּלאָג.

— שטייען די מענטשן פון פּראַצע קעגן הערשער איצט אומעטום אויף,
ווי זיי וואָלטן דורך גויט און דורך הונגער דערהערט איינער דעם אַנדערנס רוף,
אַז זיי האָבן ניט וואָס צו פאַרלירן אַחוץ זייער טויט. — — — — — — — — — — —

און נאָך לאַנג האָט דער רויטער שליח
רייד, ווי ראַקעטן געצונדן,
און דעם פאַרוואָרלאָזטן הויוערשטאָט-מענטש
מיטן גאַנג פון גערעַנגל פאַרבונדן.

און די לבנה, וואָס האָט קוים זיך אַרויסגעקראַפּקעט פון אונטערן בריק
און צום אירי־באַסיין זיך לאָזן געוואָלט דאָרט כאַפּן אַ בליק
צי זי האָט זיך איר זילבערנע הויט ניט צעדראַפּעט,
איז שטעקן געבליבן אינמיטנדערינען
ווי זי וואָלט אָט־אָ־דאָ אַפּן סמעטניק
פּלוצים איר גלייכגילט צו זייטיקע זאַכן פאַרלאָרן
און פון עפּעס נשתומם געוואָרן...

און אויך איך האָב אין רויטן שליח דערקענט
מיין אַלטן באַקאַנטן קאָלאָמביאַ־סטודענט.

דערנאָך,
אַז מיר זיינען צוזאַמען געגאַנגען צוריק,
און פאָראויס פון אונדז האָט די לבנה אַלץ נאָך געגאַפּט
האָב איך זיין אַקסל באַרירט,
אַ פּאַפּיראָסל געבעטן, און ווי לפנים געפרעגט :
צי ער גלויבט אין דער אומשולד פון סאַקאָ־וואַנזעטי,
און ווידער, צי לאָזט זיך דען גלויבן
אַז דאָס העכסטע מאַסאַטשוסעטס־געריכט
האָט פאַרמשפּט די צוויי בלויז דערפאַר
וואָס זיי האָבן מיט זיך
געטראָגן געפאַר פאַרן לאַנד...

ניו יאָרק, 1932.



# ווינטער, ווינטער

## צו יעסעניגען

ביזט געבאָרן אין פאַרנאַכטן
און געלעבט אין אַ צווישן־וועלט,
האָסט היים באַזונגען ווייסע שליאַכן,
וואו ס׳האָט קאַלטער טויט געקוועלט.

כ׳ווייס ווי ליב האָסט געהאַט די כאַטע,
די רחבות־פעלדער אַרום דיין דאָרף,
די סערע סוויטקע און דיין טאַטן
די זילבער־בעריאָזע אינעם שוואַרצן טאָרף.

יאָ, כ׳ווייס, ס׳איז שווער דיר געווען זיך שיידן,
ווען ס׳האָט זיך צעפּראַלט אַ שטאָלענער היינט,
מיט דער הילצערנער סאָכע — אַ זכר פון דיין זיידן —
מיטן פּאַסטוך־פייפל, דיין יוגנט־פריינט.

כ׳ווייס אויך, ס׳האָט אין דיין הארצן געפלאַמט דאָס פייער
פון אַ פּאַריאָכטן הונדערט און זעכציק מיליאָן —
און דעריבער ווייס איך, אַז געווען איז דיר טייער
די מיט דיין ברודערס בלוט באַפאַרבטע פאָן.

און אַז בעת ביזט אפן שוועל פון צוויי וועלטן געשטאַנען,
און גערופן די נייע אריין אין דיין שטוב:
איז פון צווינטער געקומען דיין זיידע צושפּאַנען
און האָט דיך אין זיין סוויטקע פאַרנומען צום גרוב.

ניו יאָרק, 1926

## כ. ווינערמאַנען — אַ גרוס

גוט איז דיר צו זינגען, חבר,
און זיך אויפלייזן אין פרייד,
אַז אַף פעלדער אַף כערסאָנער,
האָסטו נייעם לעבן דיר פארזייט

גוט איז דיר זיך צו דערהייבן
אַ בארוישטער פון דעם וויין,
אַז אליין — האָסטו די טרויבן
געצערטלט מיט דיין יונגן פּיין.

גוט איז אייך דאָרט חברה יאָטן
צו שמידן לידער פון משוהון,
אַז איבער פעלדער און וואַרשטאַטן
פלאַמט אַ יונגע, רויטע זון.

גוט איז, חבר, זיך צו בראָטן
ווען ס'הענגט אַן אייגענע זון אין פעלד —
געדענקסטו אָבער יענעם שאָטן
וואָס האָט אַמאָל די זון פארשטעלט? —

אָט דער שווארצער שאָטן, חבר,
פאָלגט אונדז נאָך דאָ טריט אין טריט;
און ער לייגט זיך ווי אַ זשאַווער,
און ער פרעסט אונדזער געמיט.

נאָר מיר וואָגלען ניט ווי שטומע, *)
וואָס שווייגן אויסעט זייער צער;
און ניט מיר שפרייטן דאָ זיין אומעט
פאַר די פיס פון געלן האר.

און לאָז געריסן, חבר, דאָרטן,
אין דעם רויטן ראַטן-לאַנד:
אַז אויך בא אונדז אין געלן גאָרטן,
צייטיקט שוין דער רויטער בראַנד.

---

*) די לעצטע צוויי סטראָפעס פון דעם ליד פעלן אין דער ערשטער, ניט געדרוקטער ווערסיע. אַנשטאָט זיי האָט זיך דאָס ליד פאַרענדיקט מיט דער סטראָפע:

גייען מיר דערפאַר אַרומעט
אין אַ וויסטן מדבר-לאַנד.
און מיר זייען אונדזער אומעט
איבער פעלדער פוסטע נאָכאַנאַנד;

ניו יאָרק, 1927.

# נעענטער, ראָמען ראָלאַן!

נעענטער,
נעענטער צו אונדז,
ראָמען ראָלאַן —
נאָך איין דרייסטן שפּאַן:
עס שטרעקט דיר אויס אַ האַנט
דער מענטש,
דער פּראָלעטאַר,
וואָס האָט פון טויזנט דורות האַס
זיך אויסגעשמידט אַ שווערד
און גייט צום ערשטן און צום לעצטן מאָל
איינצונעמען די ערד!

האָסט זיך אויפגעכאַפּט,
ראָמען ראָלאַן,
פון דיין קאָשמאַר —
האָסט דערזען:
אַף דיין גאָלדענער גיטאַר
זיינען אָנגעצויגן
נים קיין ליבע־שטראַלן
פון אַ חולה־נופלדיקן וואונדער־פּעדלער,
וואָס האָט אין וואַנזין אומגעוואַנדלט אַפן ירדן
און דעם צאָרן פון דעם שקלאַף פון רוים
מיט זיינע וואַסערן געלאָשן;
האָסטו זיך אויפגעכאַפּט פון דיין קאָשמאַר —
און, באַם אָפּשיין פון אָקטיאַבערשן באַגין
אין די סטרונעס פון דיין גאָלדענער גיטאַר
דערקענט מענטשן־אָדערן,
וועלן זיי שוין נים וויברירן מער
פון די פוילע ווינטן
וואָס טראָגן זיך אַף זיי
פון גאָלגאָטע־צווינטער
און די ברעגן פון דעם גאַנגעס;
וועט אין זיי נים ציטערן מער
דער שטומער צער און וויי
פון די

וואָס גיבן זיך דעם
גורל אָפּ ווי שאָף,
נאָר צעברוויזן זיך אין זיי
וועט באַ דיין מינדסטן ריר
דער האַס
און צאָרן
און אָבל־אויסגעשריי
פון אַ טויזנט־דורותדיקן זשאַן קריסטאָף.
מיר זיינען אַ קנאים־דור,
ראָמען ראָלאַן;
מיר בלייבן טויב צו דעם געוויין
פון זייער גסיסה־כאָר!
ס׳בלאַנקט אַראָפּ
דער רחמנות אונדזערער
צו די וואָס שטייען צווישן אונדז און אונדזער זון
פון אונדזער שפּיזן־שאַרף!
צי אָן,
צי שטייפער אָן די סטרונעס
פון דיין גאָלדענער גיטאַר
און קום און שטעל זיך אונטער אונדזער פאָן!

אהער,
נעענטער צו אונדז!
אהער,
ראָמען ראָלאַן! —
נאָך איין דרייסטן שפּאַן:
עס שטרעקט דיר אויס אַ האַנט
דער מענטש,
דער פּראָלעטאַר,
וואָס האָט פון טויזנט דורות האַס
זיך אויסגעשמידט אַ שווערד
און גייט צום ערשטן און צום לעצטן מאָל
איינגעמען די ערד!

ניו יאָרק, אַפּריל, 1931.

# א פרעמדער איז ער דאָ („די פּאָליטיק מאַכט ענג אונדזער זע-קרייז")

ווער איז ער — אַט דער יאָלד,
וואָס דרייט זיך הין און הער
און שפּרייט דאָ, ווי אַ געטש די הענט,
ווי אויסמעסטן מיט זיי געוואָלט
וואָלט ער די ברייט און לענג
פון אונדזער יוניאָן־סקווער?

ווער איז ער — אַט־אָ־דער,
וואָס שפּאַרט זיך דאָ אַריין,
ווי אַ דבר־אחר אין אַ פּלויט
און שפּייט מיט פוילע רייד,
ווי מיט פאַרסמטן שרויט,
און טענהט, אַז:
ס'איז ענג
באַ אונדז אַף יוניאָן־סקווער...

אַ קראַנקער מענטש איז ער —
אַ ציניקער אַ וויסטער:
איבער טעמפּל־שוועלן, ווי אַ זונה
איבער שאַנד־הייזער,
האָט ער געטראָטן,
און ווי איר לייב די זונה,
די נשמה זיינע,
האָט ער צו געטער אַלערליי
אַנגעבאָטן.
איצט איז ער גייסטיק קראַנק,
און פּעדלט אום מיט איר,
ווי מיט איר קראַנקן לייב די זונה
איבער גאַסן.
איצט וואָגלט ער דאָ אום
און זוכט פאַר איר אַ קונה,
צווישן מאַסן אָרעמע,
וואָס ציען זיך אַהער
פון אַלע ווינקלען פינצטערע
פון שטאָט
וואָס ציען זיך אַהער
צום סקווער
צום רויטן
נאָך אַ ביסל זון און ליכט.

ניו יאָרק, 1929.

## איסט-בראָדוויי-געזאַנג

(פון „געוויטער", צוזאַמענגעשטעלט פון י. גרינשפאַן.)

וואָס אַרט זי, אַז די מאַסע, אונדז
מיט אירע גראָבע זאָרגן,
אונדזער פאָן איז אונדזער קונסט,
דער היינט איז אונדזער מאָרגן...

שטומע לבנה, קרומע לבנה,
מיר זיינען פון שטימונג די ריטער;
מיר באַזינגען אַלמנות און שיכורע גאַנעם —
וואָס טויג אונדז דער קלאַסן-געוויטער?

וואָס מיר סטרייק, וואָס מיר באָס, פוי, וואָס רוישן זיי דאָרטן?
מיר כישופן אוים נאָר פון קונסט דעם געפליטער;
מיר זיינען פּאָעטן אין גאָטס ערדישן גאָרטן
און מעלקן פון שטימונג דעם ציטער.

אין שלומס קאַפע-הויז מיר פעדלען מיט שאַטנס,
און לייטערן, שליפן דעם קיצו של יוד;
און צערטלען דעם אומקום און קייען געבראָטנס;
און ווייכן פון קאַמף און פון בלוט.

וואָס טויגן אונדז די מאַסן, וואָס,
מיר זיינען אויסדערוויילטע;
מיר זינגען ניט פון שאַפּ, פון באָס,
מיר זינגען פאַר געציילטע...

מאַי, 1932.

# האַלט זיך בראַוו

(פון „געוויטער", צוזאַמענגעשטעלט פון י. גרינשפּאַן.)

זעט איר, ברידער, אונדזער רויטע פאָן
פלאַטערט אין דער לופט,
נייע כוחות קומען אָן,
הערן אונדזער רוף.

האַלט זיך בראַוו, מיר קומען אָן,
איינִיקייט איז מאַכט!
זייט באַ זייט, און הויך די פאָן,
פאָרויס אין שלאַכט!

זאָלן ציטערן בורזשויען,
עס טראָגט זיך אונדזער זיג;
קיינער טאָר פון אונדז ניט רוען,
מיר שטורמען די פאַבריק!

האַלט זיך בראַוו, מיר קומען אָן,
איינִיקייט איז מאַכט!
זייט באַ זייט, און הויך די פאָן,
פאָרויס, פאָרויס אין שלאַכט!

(נאָך אַ וואַבלי־ליד)
מאַי, 1932.

## דראַנג

כ'וואָלט אייביק געפֿלויגן,
ווי אַ פֿייל פֿון אַ בויגן
איבער וועגן
באַ ברעגן
פֿון אַ זילבערנעם טייך.

כ'וואָלט אייביק געריטן,
זיך אין חלל געשניטן
מיט מײַן שווערד,
אַף מײַן פֿערד,
וואָס באַרירט קוים די ערד.

כ'וואָלט זיך האַסטיקער טראָגן,
די אומענדלעכקייט יאָגן;
דערגרייכן
די הייכן
פֿון אַ שניי־ווײַסן באַרג.

דאָרט, אין הימלישע רוימען,
ווײַט פֿון ערדישע טרוימען,
כ'וואָלט אַ געצעלט
אויפֿגעשטעלט
פֿאַר מיר און מײַן פֿערד.

און ווען זוניקע בליצן
און מירמלנע שפּיצן
וואָלטן אויך
אין דער הויך
מײַן דראַנג ניט געשטילט —

כ'וואָלט פֿון מײַן אַדלעריש פֿערד,
מיטן בלאַנק פֿון מײַן שווערד,
מיט איין שפּרונג
און איין שוואונג
צעלעכערט די האַרץ פֿון דער זון.

און אין אונטערגאַנג
פֿון דער זון און מײַן דראַנג
וואָלט די וועלט זיך פֿאַרלאָשן אַף אייביקן־לאַנג.

פֿאָלסבורג, נ. י., 1926.

# אַפֿן וועג פֿון זעלבסט-דערקענטעניש

פֿון אויבן אַ נעפּל, פֿון אונטן אַ תּהום,
אַ מאַסע אַ טונקעלע שפּרייט זיך אין רוים,
אומענדלעכע בלינדקייט הילט איין דעם אַרום —
דאָ געוועלטיקט דער טויט און זיין שטומער געברום.

באַם ראַנד פֿון אַ פֿעלז, ווי אַ פֿאַרגליווערטער מיף,
ער שטייט און צוויי אויגן — זיי שניידן די טיף,
ניטאָ דאָ קיין שטח, ניט נאָענט ניט ווייט,
קיין רגע, קיין אייביקייט — עס פֿעלט דאָ די צייט.

ווי אַן אַלמעכטיקער ריז — אַ גאָט פֿון דער נאַכט,
ווער ס'האָט אים אַהער פֿון וואַנען געבראַכט,
עס איז פֿינצטער אַרום, ער צווייפֿלט אין זיך,
עס בלאָנדזשען צוויי אויגן און זוכן דעם איך.

און זיי קוקן אַרונטער פֿון פֿעלזיקן ראַנד,
גלאַנצן אַריין אין אַ טויב־בלינדן לאַנד,
נאָר אומענדלעכע בלינדקייט הילט איין דעם אַרום —
דאָ געוועלטיקט דער טויט און זיין שטומער געברום.

ניו יאָרק, 1926.

## צווישנצייט

האָט זיך אַ שווערע גרינגקייט
פון אַן ערגעצדיקן צווישן־רוים
ארונטערגעלאָזט,
און מיך איינגעוויקלט
אין אַ טוי פון שטילער, פיינלעך זיסער אומרו.
איז מיר שמערצלעך גוט,
און עס ווילט זיך מיר —
ווי שטענדיק אין אַזאַ מינוט,
צו דערשוועבן, אָדער צו דערזינקען,
אהין, וואו סודותדיקע סודות ווערן פאַרטרונקען
אין אַ ים, וואָס חלומט אייביק דרעמלענדיק
און שטורעמט קיינמאָל ניט.
און ס'דוכט זיך מיר, כ'טראָג זיך
אהין, אינעם לאַנד פון ערגעץ ניט,
אהין אין יענעם אָרט,
וואו גרויער גאָט און שווארצער טייוול
הערשן קיינמאָל ניט,
אָט דאָרט —
וואו אייביקייט, און ליידיקייט, און שטויביקייט
מעסטן איז פאַרשפּאָרט.
וואו ס'איז קיין זון ניטאָ,
וואָס שפּילט זיך אין באַהעלטעניש,
און רייצט ווען זי גייט אויף,
און שרעקט ווען זי פאַרגייט,
וואו ליכט און פינצטערניש
קעמפן ניט צווישן זיך,
און שטאַרבן ניט אַרויס
איינער פון דעם אַנדערנס געבורט...

און דאַכט זיך אָט:
— כ'בין שוין באַלד דערפלויגן
צו יענעם וואונדערבארן פּלאַץ,
און פּלוצלונג, אַ שטראַל — אַ פאַרעטער, כ'וויס,
דאָס האָט די מאָרגן־זון געשיקט, דעם דאַזיקן פּאַיאַץ,
זי וויל מיט מיר זיך רייצן בלויז,
דאָס וויל זי איינרעדן אַ וועלט, אַז זי ליבט מיך היים
און שפּעטער זיך חנדלען באַ אַן אַנדערן אָפן שוים.

1926.

## די רייד פון דער גלי־פליגעלע

צינדט אָן די נאַכט אין מיר
אַ זון אָן אייגענע.
אַ מעטעאָר, אַ וואַנדערער אין רוים
ווער איך,
און פריי
באַוועג איך זיך
אין חללס שוואַרצן סאַמעט־וועג.
אַלצאיינס
איך פלי,
איך פאַל!
בלאָנדזשען איז מיין ציל.
אַ סובסטאַנץ — אַ וועלט פאַר זיך
בין איך
און גלי;
כ׳באַלויכט מיין וועג, מיין אייגענעם
און פאַל פון דאָרט
וואו כ׳וועל שוין מער ניט זיין
און פלי
אַהין,
וואו כ׳בין
נאָך קיינמאָל ניט געווען.
אָן אייביקייט וואָלט עס אַזוי געשען,
ווען ניט
אַ פרעמדע פייער־פליג
וואָס רייסט פון ערגעץ זיך אריין,
און שטעלט זיך מיר אין וועג,
און יאָגט די נאַכט אַוועק,
און לעשט מיין גלי
און רויבט מיין איך
אַוועק פון מיר.

1929(?).

# אַ נאַכט אַזאַ

ליגט מיין קאָפּ, אַ פרעמדע לאַסט,
אין דאַרע דלאָניעס איינגעפּאַסט;
און די אויגן שטאַרן סתם,
ווי בײַ מאַטראָזן אויפן ים.

און ס׳פּלאָנטערט זיך אַריין אַליין
דערוויַיל די צייט אין זייגערס צײַן,
רייסט ער רגעס פון איר אָפּ
און לאָזט זיי פאַלן אויף מיין קאָפּ.

פאַלן רגעס איינציקווייז,
ווי טראָפּנס — קעלטער נאָך פון אייז —
וואָס טריפן, טריפן אָן אַ שיר
און בויערן דעם מוח מיר.

זיץ איך לאַנג אַזוי און וואַרט
אויף אָדער מיין סוף אָדער נאַכטס,
ביז איך גליוועט ווי אַ שטיין
און הער דער אייביקייטס געוויין.

מיר דוכט: ניט אָנגעשפּאַרט בײַם טיש,
נאָר אין סאַהאַראַ־וויסטעניש
ליג איך און איך בלוטיק שטום
און אויבן וואָיעט אַ סאַמום.

אויף כוואַליעס אָנגעגליטן זאַמד,
ווי אויף אַן אָנגעברויזטן ים,
שוועבט אַ שדים־קאַראַוואַן
און בראש פון אים — סאַטאַן.

אויף אַ טראָן פון אַ סקעלעט
רוט זיין שדים־מאַיעסטעט;
און ס׳פּלעכט זיך אויף זיין קאָפּ אין טאַנץ
אַ לעבעדיקער שלאַנגען־קראַנץ.

נאָגט די נאָפּלען פון אַ פרוי
בײַ די פיס זיינע, דער טויט,

און שפּילט אויס אַ ליד פון מאַרד
אַף אירע פּעכיק־שוואַרצע האָר.

טאַנצט דער מדבר צו צום טאַקט,
און מיין פּחד וואַקסט און וואַקסט
און דערנענטערט מיין סוף,
ביז איך לייז זיך אויף אין שלאָף.

וואָלט איך רוען שוין אין זאַמד,
נאָר דער דורשט אין מיר, וואָס פלאַמט,
מאָלט מיר אָן אַ אָאַזיס אויס
און הייבט פון קבר מיך אַרויס.

נעם איך יאָגן זיך צום קוואַל —
ער שווינדט. ס׳איז אַ מיראַזש. איך פאַל;
און גליווער ווידער ווי אַ שטיין
און הער זיך צו צום ווינטס געוויין:

— „ערגעץ, ערגעץ דאָ ניט ווייט
לייזט זיך אויף די אייביקייט —
עמיץ וואַכט דאָרטן און בלענדט,
בלענדט די נאַכט אַראָפּ פון ווענט.

„ערגעץ דאָרטן אין אַ הויז
איז די נאַכט איין רגע בלויז;
צינדט די רגע ווי אַ בליץ
וואָס טוט אַ קוש אַ וואַלד־בוים־שפּיץ.״

ערגעץ דאָרטן איז פאַראַן
די וואָס וואָלט געשטילט מיין וואָן;
רירט אַ פרעמדער אָן איר לייב,
דינט זי אים דאָרט פאַר אַ ווייב.

ליגט מיין קאָפּ — צעגליטע לאַסט —
אין קאַלטע דלאָניעס איינגעפאַסט;
און די אויגן שטאַרן סתם,
ווי בא מאַטראָזן אַפן ים.

דער זייגער גריזשעט רעשטלעך נאַכט;
און ערגעץ אַף אַ העכסטן דאַך
קריכט מעפיסטאָ און ציט אָן
אַ נייע קרעציק־גרויע פאָן...

דער מאָרגן קרעכצט — עס איז אים שווער
צו דראַפּען זיך אַף ווענט פון סקווער;
און איך — אַ מידער פון דער נאַכט —
הער ווי מעפּיסטאָפל לאַכט.

זומער, 1928.

## אַף אַ פרעמדן גאָרן

ס'האָט מסתמא
דאָן מיין מאַמע
זיך פאַרלאָרן אין איר לוסט,
און פון סמ'ען
לעבן־זאַמען
האָט זי דעמאָלט ניט געוואוסט:

זיינען יאָרן
מעסטלעך קאָרן —
טעג — נאָר שורות לעבלעך ברויט;
ליגט געבאָרן
אַף אַ גאָרן
אין דער פרעמד ערגעץ מיין טויט...

איצטער דויער
איך אין טרויער —
וואַנדער דורך אַ בלינדן לאַנד,
און איך לויער
יענעם טויער,
וואו סע סטאַרטשעט טויט זיין האַנט;

און כ'באַגעגן
איצט אַף שטעגן
אַף מיין וואַנדער־וועג דורך יאָרן —
שאָטנס . . . וויגן
זיך געבויגן —
זוכן ברויט אין יענעם גאָרן...

ניו יאָרק, 1927.

# די באַלאַדע פון מעשה בראשית

אין אָנהויב האָט זיין לויטערקייט דעם חלל אויסגעפילט,
בלויז אַ שוואַרצע פּינטעלע, נאָך קלענער פון אַ מילב,
האָט אומגעפלאָטערט ערגעץ אויף יענער זייט פון זיין
און קיינמאָל זיך ניט אָפּגעטוקט אין שיין.

פלעגט ער דרעמלען אַזוי אין זיין אייגן ליכט,
פון איין אייביקייט אַריינדרעמלען אין אַ צווייטער אומגעריכט;
און אַזוי וואָלט זיך עס ציען ביז טיף אין אין־סוף,
ווען ס׳וואָלט אַ חלום ניט אַוועקרויבן זיין שלאָף.

ער האָט געחלומט, אַז ערגעץ אין חשכות פון ניט־זיין
פלאָטערט אום אַ פּינטעלע, וואָס לייקנט אין זיין שיין,
און וויקלט אים דעם חלל מיט קנאה ארום —
האָט ער זיך אויפגעכאַפּט מיט אַן אימהדיק געברום.

זינט דעמאָלט האָט ער מער שוין זיין אויג ניט צוגעמאַכט,
נאָר אייביקייטן לאַנגע אין איינזאַמקייט געוואַכט,
ביז עס האָט אַ גענעץ אים זיין בענקשאַפט געבאָרן,
און אַ ווינקל פון חלל איז פאַרטונקלט געוואָרן.

דער לאַנגוויל האָט לאַנג שוין זיין חלום פאַרצערט,
נאָר ס׳האָט אים די בענקשאַפט צו דרעמלען געשטערט:
האָט ער איינמאָל באַגערט, אַז פון יענער זייט זיין
זאָל ווער אין זיין לויטערן חלל אַריין.

און אין דער אייגענער רגע, האָט פון חשכות דעם ראַנד
לילית, מיט טריאומף, אַריבערגעשפּאַנט;
און טיף זיך פאַרנויגט און אַנידערגעשטעלט
אַקעגן דעם האר פון דער לויטערער וועלט.

האָט ער זיך אַן לאַנג־שוין־פאַרגעסענעם חלום דערמאָנט
און גלייך אין איר פינצטער פּנים די קנאה דערקאָנט;
און מיט צאָרן געדונערט: עס זאָל צוריק אין איר רו פון ניט־זיין,
די רגע, פאַרשווינדן יענע, וואָס לייקנט זיין לויטערע שיין.

האָט לילית זיבן מאָל זיבן געשמייכלט, דערנאָך אַ קוש געטאָן
דעם סאַמע אונטערשטן שטאַפּל פון זיין מאַיעסטעטישן טראָן;
און נאָכדעם דריי מאָל זיך פאַרנויגט און כהרף־עין אוועק
זיך אויפלייזן צוריק אין חשכותדיקן פלעק.

איז פאַרשוואונדן די בענקשאַפט. נאָר מער האָט סיי־ווי שוין זיין רו ניט
געדויערט;
טויזנט מאָל זיבן מאָל זיבן חשכות־געשטאַלטן האָבן אין חלל געלויערט,
און דורשטיק די לויטערע שיין פון זיין טראָן איצט געטרונקען,
איז דער אַלטער אין צער און אין פּחד געזעסן פאַרזונקען.

און אַזוי זיינען זיבן מאָל זיבן טויזנט אייביקייטן פאַרגאַנגען,
און ס'האָבן געשפּענסטער פון לילית זיין חלל געהאַלטן געפאַנגען;
און ווען ס'וואָלט אַ מידקייט זיין דרעמל צוריק ניט געקערט אים, וואָלט
אפשר די שכינה
איינגאַנצן נעלם געוואָרן אין לילית אומענדלעכער קנאה.

און ווידעראַמאָל איז פון חשכות־בראַנד אים לילית צו חלום געקומען;
נאָר איצט האָט דער אַלטער צו ברומען זיך אפילו די מי ניט גענומען,
ווייל ס'האָבן די זיבן מאָל זיבן טויזנט געשפּענסטער טיף זיך פאַרנויגט און
אַ וואָרע געמאַכט,
ווען ס'האָט מאַיעסטעטיש פאַרשאָטנט זיין טראָן די געטין פון אומענדלעכער
נאַכט.

# באַם ראַנד

בײַם ראַנד פון טיפן אָפּגרונט שטיי איך און איך זע:
ס'איז פינצטער אַלץ אַרום, נאָר ערגעץ ברענט אַ סנה.
ער פלאַמט דער סנה און ברענט און ווערט דאָך ניט פאַרברענט,
און הילט אין רויטן איין די שוואַרצע פעלזן־ווענט.

:: :: ::

ס'איז אַ פונק אַף מיר פונעם פײַער־זײַל געפאַלן,
ס'איז אַ פונק אַף מיר פונעם פײַער־זײַל געפאַלן,

איצט שטיי איך פעסט אַף מײַנע פיס און וואַרף אַ בליק צום דעק:
עס פאַלט אַ רויטע שײַן אַהין און וואָס איך זע — אַ שרעק!
אַ טיפער זומפּ מיט שלאַנגען־קעפּ דאָרט מענטשן אָן אַ שיעור,
און אָט: אַ לוזשע בלוט עס שווימט אַרום אין איר;
אַ מענטש מיט מענטשן־הענט און פיס און קאָפּ פון אַ קראָקאָדיל,
ער האַלט צעפּראַלט דאָס מאָנסטער־מויל און עס הערט זיך אַ געבריל.
און אָט: עס שנײַדט זיך דורך פאַרבײַ אַ מענטש — נאָר אין אַ פעל,
און בלינד, דוכט זיך, איז ער — ער מערקט ניט, אַז ס'איז העל,
ער טוט אַ וואָרף זיך דער וואַמפּיר, און אָט ער איז בײַם ברעג
און ס'שנאָרכן נאָזלעכער צום קרבן אַף זײַן וועג.
נאָר טויב און בלינד איז ער, דער מענטש — דער מענטש וואָס אין אַ פעל,
און ניט ער הערט דעם בלוט־געבריל און מערקט ניט, אַז ס'איז העל...
— העי, ווענד אום דײַן טראָט צוריק! דו מענטש אין חיהשן געשטאַלט! —
כ'שרײַ אויס. נאָר ס'איז אומזיסט — ער הערט ניט מײַן געוואַלד
און שלײַכט זיך ווי אַ נאַכטוואַנדלער און שטעלט ווײַטער בלינדע טריט
און טראָגט זיך צו דעם בלוט־זויגער, דעם מאָנסטער־פּאַראַזיט.

:: :: ::

איך וואַרף אַ שטראַל אַרום און צינד די פינצטערניש פון טאָל,
און זע: אָנגעוואַלגערט ליגן פּגרים־קערפּערס אָן אַ צאָל —
אַ שלאַכט־פעלד אַ פאַרצווײַגטע ווײַזט אויס פון דורות לאַנג,
און מחנות מאַראַדערן ראַיען זיך, עס הערט זיך אַ געשטאַנק,
און אַ געפּעכט, און אַ געפּלעכט, אַ געפּילדער, אַ געדראַנג:
ווער ס'שלעפּט אַ האַנט, אַ פוס, און ווער אַ קאָפּ פון אַ מענטשן־שלאַנג,

ווער עס לויפט און זוכט זיך אָן דער זייט ערגעץ אַ ווינקל אָפּ,
און ווער עס ווערט אין וועג גערויבט צוזאַמען מיט זיין ביסל האָב.

:: :: ::

איך דרינג אַדורך די טיף פון תהום און זוך פון רו אַן אָרט,
נאָר רואיק ליגן ביינער־הורבעס צעוואָרפן דאָ און דאָרט —
אַ שווידער לויפט אַדורך מיין לייב און אָט צום דעק איך פאַל,
נאָר פעסטער שטעל איך מיינע טריט — עס ווינקט צו מיר אַ שטראַל...

:: :: ::

עס פלאַמט דער סנה און שטראַלט און שפּאַלט די נאַכט אַף צוויי.
איך ווענד מיין בליק אַרויף און ס׳דאַכט, זי וויינט די נאַכט פאַר וויי...
עס טוט אַ הויב זיך אויף פון ערגעץ פון דער טיף אַ ווינט
און יאָגט און פייפט און טראָגט זיך אין דער ריכטונג וואו עס שפּינט
דאָרט רויטע פעדים אוים דער פייער־זייל און וואַרפט
און רייצט מיט זיי דעם גייסט פון פינצטערניש, וואָס שאַרפט
די ציין פאַר שרעק.
נאָר העלער ברענט דער סנה און צינדט
און וועבט זיך רויטע פאָסן ליכט און ס׳דאַכט, ער לאַכט פון ווינט,
וואָס רייסט זיך פון דער טיף, און פון דער נאַכט וואָס שווינדט.

ניו יאָרק.

# אַף שוועלן

וויפיל שוועלן ס'איז באַשערט מיר צו באַטרעטן,
באַ וויפיל בלינדע טירן ס'עט אויסקומען צו נויגן זיך און בעטן
ס'זאָל אַן אומבאַקאַנטער פריינט אַ שטיקל לעבן שענקען
און עס אַריינוואַרפן אין אויסגעשטרעקטער, ציטערדיקער האַנט —
ס'איז מיר ניט באַקאַנט.

דערווייל,
אַף וועגן איינזאַמע דורך יאָרן —
שלייך איך ווי אַ שאָטן אום זיך און רוף אַרויס דעם צאָרן
פון די וואָס וואַנדערן ווי איך אַהין צום זעלבן ראַנד,
נאָר זיי באַגעגנט אַלעמאָל די זון,
און טיילט אויס יעדערן פון זיי פולע הויפנס שטראַלן,
זיי זאָלן זייען ליכט פאַראויס פון זייער טראָט
כדי אין מיטן וועג חלילה ניט צו פאַלן —

איז וואָס זשע קען איך טאָן אַז ס'האָט די זון
פאַרגעסן מיך מסתמא
אָדער גאָר איך בין איר איבעריק
ווי ס'איז אַ קינד איר צווייטער פרעמדער מאַמען —
איז מוז איך דאָן אין פינצטערניש
זיך שאָטענען אַף וועגן
און איינזאַפּן אַ דורשטיקער
די ליכט פון פרעמדע שטעגן.

ניו יאָרק, 1928.

## אַ לעצטער קלאַנג

ערגעץ ווייט פאַרגייט אַ לעצטער קלאַנג.
אין פענצטער שפּילט דער מאָרגן שוין זיין בלויע כישוף־שפּיל —
פאַרוואָס, פאַרוואָס זשע ציט אַזוי דאָס ליד פון אונטערגאַנג
און וועבט פון גרויע שאָטנס אויס אַ גאַנגדיק געפיל ?

זאָל זיין : איך בין אויך אַ בלעטל אין סוף־זומער,
און הענג, פאַרחלשט אַף אַ צווייג פון אַ שטאַרבנדיקן בוים ;
און פלאַטער אויף דערפאַר, און צי זיך צו דעם קומער,
וואָס עס טראָגט אַף זיך דער ווינט אין אָסיענדיקן רוים ?

ערגעץ ווייט הויכט אויס אַ לעצטער זיין געזאַנג.
אַף טורעם־שפּיצן שפּינט די זון איר פּורפּור־גאָלדיק פּאָן —
פאַרוואָס, פאַרוואָס זשע טוט מיר אַזוי באַנג
אַ לעצטער אויפלייז־טאָן ?

ניו יאָרק, סעפּטעמבער, 1929.

# ממעמקים קראתי *)

דערלויב, אַ, דו, מיין גאָט, מייַן אייניציקער, צו תפילה טאָן צו דיר
אין אָט דער שפּעטער שעה, דער נאַכטיקער, פון הייליקער דערמאָנונג.

מיין רוף צו דיר, אָ, דו, ווען ס׳האָט מיט יאָרן טויזנטער צוריק
אַ מענטש אַ נאָבעלער
דערקענט בקול דממה דקה.

מיין רוף צו דיר, אָ, דו, פון וועמענס לויטערקייט אין שעה פון צווישנקייט
עס זינקען צוריק אריין אין שאול תחתיה
די שווערע, פּחד־וואַרפנדיקע, וואַרגנדיקע שאָטנס פון לילית און
מעפיסטאָ.

מיין רוף צו דיר, אָ, דו, וואָס האָט באַשאַפן מעפיסטאָפעלן און ליליתן —
צוויי שוואַרצע אָפּבילדער פון זיך —
בכדי אַן אייננוואויינער פון תהום ווי איך, וואָס וואָגלט אייביק אום
אַ בלינדער אַפן ראַנד,
זאָל דורך די צוויי דיין לויטערקייט דערקענען.

מיין רוף צו דיר, אָ, דו, ווען ס׳האָט מיין קינדהייט אויסגעבענקט;
און וועמענס פעלן וואָלט באַדייט אַצינד,
אַז ס׳האָט די זון היינט זיך אַליין געבראַכט
צו קבורה
ערגעץ באַ די אייביק־בלינדע ראַנדן פון דער נאַכט.

מיין רוף צו דיר, אָ, קום — איך קני פאַר דיר אַצינד, ווען אַף
אויסגעשטרעקטע, ציטערדיקע הענט
קאַרטשעט זיך אין גסיסה־פּיין, ווי אַ נאַכטיק־פלאַטערל, אַ קליינס
באַ אַ צאַנקענדיקער ליכט,
מיין קינדהייטס בלאַסער, אומעטיקער חלום — מיין גאַנצער
וועלט־פאַרמעג ; און דערביי,
אַף עלנטע פיר ווענט פון אַ חרובדיקער וועלט,
טאַנצן לילית און מעפיסטאָ אוים
דעם געבורט פון מיין סוף.

מיין רוף צו דיר, אָ, קום, דו, אַלמעכטיקער, וואָס רופט בקול דממה דקה.
מיין רוף פון אומקום־ראַנד צו דיר, אָ, קום און העלף מיר, גאָט !

ניו יאָרק, סעפּטעמבער, 1930

---

*) אָט־דאָס מיסטיש, פאַטאַליסטיש ליד דריקט אוים די טיפע פאַרצווייפלונג
פון דעם דיכטער אין דעם פּעריאָד אײדער ער איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דעם
„פּראָלעטפּען". ער דערשרעקט זיך דאָ אַליין פאַר דעם אידעאָלאָגישן אָפּגרונט, וואָס
ער האָט דערזען פאַר זיך, און ער וויל זיך ראַטעווען.

# SANTALURIA

—B.

סאַנטאַלוריאַ,
אין אַ ווינקל
האָט פּאָר עלנט
אונדזער שאָטן זיך געקאָרטשעט
און מעפּיסטאָפעליש געוויינט און געלאַכט.
ווען אין מיין בײדל
האָב איך שטיקער
פון אַ פרילינג־נאַכט געצונדן
און פאַר אַ קרבן צו דיין ציגײַנער־לײַב געבראַכט.

:: :: ::

סאַנטאַלוריאַ,
אין איינעם פון די פרילינג־לאַנד־באַגינענס,
ווען דער ווערמיליאָן און פּורפּור
פלעגט פון מזרח־זוים פון הימל
דראַפּען זיך אַף קרומע צווייגן
און לעצטע נאַכט־שפּורן פון דאָרטן טרייבן;
ווען עס איז, באַם ברעג פון אָזערע, דאָס וועלדל,
וואָס האָט די נאַכט פאַרבראַכט אין טבילה,
געשטאַנען אָנגעבויגן,
ווי פאַרדבקהט אין אַ תפילה,
און געשפּיגלט זיך אין וואַסער,
גלייך ער וואָלט אים וועלן פרעגן
צי ער איז ראוי פאַרן מאָרגן,
אָדער וואו אין זיינע קודלעם
ליגט די חשכות נאָך פאַרבאָרגן;
ווען, ווי ריטשקעם חבלי־לידה
אין אַ שיסל קוואַליק וואַסער,
פלעגט דער ווערמיליאָן און פּורפּור
פון די צווייגן נאָכדעם רינען
און אין אָזערע זיך קלייבן —
אין איינעם אָט אַזאַ באַגינען —
ווען קענגאַיבער
בין איך באַם ברעג געשטאַנען אָנגעבויגן

און אין דער אָזערע מיין עלנט אָפּגעשפּיגלט —
איז ניט די זון
איבערן װעלדל אױפגעגאַנגען,
נאָר דער אומעט פון דיין פּנים,
סאַנטאַלוריאַ.

ניו יאָרק, מערץ, 1931.

:: :: ::

1

סאַנטאַלוריאַ,
אין שפּעטע, אָסיענדיקע נעכט —
װען מיט מיין עלנט פּלעג איך אויספּוצן,
װי מיט אַ שװאַרצער פאָן,
פון מיין צימערל די װענט
און בלייבן נאָכדעם רוען אַף אַ בענקל אַף אַ הינטערפיס,
װי אַ װיסטער קעניג פון אַ לאַנד פון חורבות
אַף זיין טרויער־טראָן;
װען, װי אַ בלינדער, נוטה־למותדיקער בעטלער
אַף כריפּענדיקע סטרונעס פון זיין קראַנקער מאַנדאָלינע,
פּלעגט אַף שויבן־לאַטעס
די נאַכט
מיט צעפּוילטע פינגער קריכן
און אויסכליפּען אַף זיי איר אָסיענדיק געװיין —
דעמאָלט פּלעגט זי באַ מיין פענצטער בלייבן שטיין.

איך האָב זי קיינמאָל ניט געקענט.

אירע בלאַסע, שטייפע מיידל־בריסט און לענדן
איינגעהילט אין אַ געפלעכט
פון לאַנגע, ביז צו דער ערד פעכיק־שװאַרצע האָר;
איר פּנים צוגעדעקט מיט אַ בלענדעניש־װאוּאַל,
פּלעגט זי אין די אָסיענדיקע, װיינענדיקע נעכט
באַ מיין פענצטער, אַ שװייגנדיקע װאַרטן —
איך, דער בידנער קעניג איבער חורבע צװעלף יאָר —
זאָל זי באַגלייטן צו אַ מתים־באַל,
צו װעלכן ס'לאַדט זי איין איר טויטער חתן,
װאָס קומט צו איר אין חלום
אַלעמאָל אין אָזעלכע נעכט.

ביז איינמאָל:
ס'האָט דאַן מיין עלנט זיך געפּרואווט,
צי איז ער שוואַרץ גענוג
צו באַפּוצן מיינע קבר־ווענט;
און ס'האָט די אָסיענדיקע נאַכט,
ווי טויזנט הונגעריקע הינט,
איר פּחד אויסגעבילט,
גלייך עס וואָלט איר אויסגעדאַכט
אַז עס רייטן מתים אַפּן ווינט
און שפּילן אויס
אַף הייזעריקע, קראַנקע מאַנדאָלינעס
א טויטן־מאַרש פאַר וועמען —
דערמאָלט האָט זי פאַר מיר — דעם בידנעם קעניג
פון א הינקענדיקן טרויער־טראָן —
ווי א פאַרפאָלגטע קלעאָפּאַטראַ
אין א הייל ערגעץ, פאַר א טויטן פּאַראָאָן
צום ערשטן מאָל געקניט.

סאַנטאַלוריאַ,
פון מיין עלנט, איך, דער האַר,
וואָלט זי אייביק האָלט געהאַט,
ווייל איבער אירע מיידל־בריסט און לענדן,
ווי אַרום מיין טרויער־טראָן,
האָט געפלאַטערט א קאַשמאַר.

נאָר דער אָרעאָל אַרום איר פּנים
האָט, ווי עס וואָלט דער טויט אליין פון אים אראָפּגעשטראַלט,
מיר דערציילט,
אַז עס רוט אַף איר די שכינה פון איר בחור,
וואָס פלעגט אין ווייענדיקע נעכט
איר לאַדן
צו זיין מתים־באָל.

2

האָט א גאַנצע נאַכט דאָס מיידל
מיט די פּעכיק־שוואַרצע האָר
געקניט פאַר מיר און זיך געבעטן:
איך — דער בידנער קעניג
פונעם הינקענדיקן טרויער־טראָן —

זאָל זי אויסלייזן פון יענעם,
וואָס פאַרפאָלגט זי שוין צוועלף יאָר.

האָב איך איר געקושט דעם שטערן,
און די ליפּן, און די בריסט,
און געפּליסטערט, אַז ניט אמת,
אַז איר פּחד איז אומזיסט.

און דערווייל,
אױף שויבן־לאַטעס,
ווי אַ בלינדער, נוטה־למותדיקער בעטלער,
איז די נאַכט
מיט צעפּוילטע פינגער אומגעקראָכן
און, ווי טויזנט הונגעריקע הינט,
ניט אויפגעהערט צו בילן,
גלייך עס וואָלט פאַר אימה איר זיך דאַכטן
אַז עס רייטן מתים אַפן ווינט
און אַ טויטן־מאַרש, אױף הייזעריקע, קראַנקע מאַנדאָלינעס,
שפּילן זיי פאַר עמיצן און שפּילן.

האָט דאָס מיידל זיך געבעטן
איך זאָל קושן אירע האָר —
אפשר וועט דערפון פאַרשווינדן
דער, וואָס שרעקט זי שוין צוועלף יאָר.

האָט די נאַכט פאַר ווײ געוואָיעט,
ווען איך האָב געקושט דעם טויט,
גלייך די מאַנדאָלינע־סטרונעס
וואָלטן פאַסן שניידן פון איר הויט.

און אַז פון שויבן־לאַטעס
האָט גסיסה נאַכטיקע געשקראַבעט דעם קאַיאָר,
איז דאָס מיידל ניט געווען שוין —
בלויז אַ בינטל שוואַרצע האָר
איז געלעגן צווישן שמאַטעס,
ווי אַ געפאַנגענער קאַשמאַר.

3

האָב איך היינט פאַר דיר, מיין מיידל,
מיט די זון־פעדים פאַר האָר,

אויסגעוועבט אַ טרויער־קליידל
פון מיינע עלנטע צוועלף יאָר.

זאָלן דיינע בריסט און לענדן
פלאַטערן אין דעם קאַשמאַר,
וואָס דו קריגסט ווי אַ מתנה
פון מיר, וואָס דין צו דיר דערפאַר —

ווייל קודם דאַרף איך דינען ווען,
און ס'איז דיין לענגלעך פּנים בלאַס;
און איך זע אים ווי גאָטס אומעט
אין לאָקן זון געפּאַסט.

דער קאַשמאַר, דו, איינציק מיידל,
איז מיין גאַנצער וועלט־פאַרמעג;
טאָ ניי זיך אויף פון אים אַ קליידל
און טו עס אָן אין יענע טעג,
ווען עס בענקט די זון נאָך שאָטנס
אַף איר הימל־וועג...

ניו יאָרק, נאָוועמבער 15-16, 1930.

:: :: ::

סאַנטאַלוריאַ,
ווי סע שאַרט צונויף אַ דינער
ברעקלעך אָרעמקייט
פון אַ טיש אַ מאָגערן, אין אַ וויסטן קמצנס הויז,
און וויקלט עס אין טונקלקייט,
און גנבעט זיך דערנאָך דערמיט אַרויס
דורך אַ הינטער־טיר,
צו אַ שטיבל ערגעץ אין אַ העק —
רויבסטו רגעס מיידל־פרייד פון אים אַזוי אַוועק,
קלייבסט זיי און פאַרבאָרגסט זיי ערגעץ טיף אין זיך,
און דו הילסט זיי נאָכדעם איין אין דיין טרויער־קלייד,
און דו לאָזט זיך עולה־רגל־זיין צו מיר.

שטיל און פול מיט יראה שלייכסטו זיך,
ווי אין אַ תפילה־הויז, אין מיין אָרעם חדרל אַריין.
ווי אַ זינדיקע, וואָס וויל געלייטערט זיין

און טראָגט די רעשטלעך מיידל־ליבע אירע
צום אַלטאַר,
און גיט עס דאָרט מיט ציטערניש דעם הייליקן אַוועק,
ער זאָל אַ מחילה שענקען איר דערפאַר —
ווי אַ זינדיקע וואָס וויל געלייטערט זיין,
וויקלסטו פאַנאַנדער אַף מיין בעט
רעשטלעך פון דיין מיידל־פרייד.

ווער איך הייליק, ווי אַ יעזוס, און איך צינד
דיין טרויער־קלייד אַף דיר,
די לעצטע שפורן פון דיין שרעק און מיין אייפערזוכט;
און איך בין מכפּר דיר
פאַר די ליידן מיינע
און פאַר דיינע זינד...

מערץ, 1931.

:: :: ::

סאַנטאַלוריאַ,
אָפט, אין נעכט אַזוינע,
ווען אין אייביקייטן אין אַ חשבונותדיקן חלל
גליווערן צווישן מיינע גרויע קאַמער־ווענט
שפּעטע שעהן;
ווען רגעס לויערן אַף מיר
און פאַלן אָן
און נעמען מיך צעגלידערן,
ווי אַ גוסס, אין אַ זומפּ ערגעץ,
סטאַיעס שוואַרצע קראָען —
דעמאָלט
צינדט אָן אין מיר מיין עלנט
מיין אינגלשן שגעון.

ווי אין יצירה־צייט, אַף אַ תוהו־וועלט
די לויטערקייט פון גאָט,
לויכט דאַן אויף מיין איינזאַמקייט
אַף גאַסן פון אַ אין פּחד־איינגעהילטער שטאָט.

ווער איך אָנגעפּילט מיט יראה
און וויל קניען

און וויל פראוועָן ריטואַלן צו מיין מאַיעסטעט —
פאַל איך פלוצים כורעים אין אַן אָפּגרונט
און איך ציטער דאָרטן לאַנג אַזוי אין תפילה צו אַ שד,
ביז סע רינט מיר פון די אויגן אויס דער לעצטער טראָפּן שיין
און עס פרירן מיינע ליפּן צו צום טייוולס פּיס
און מיר דוכט: איך זינק אַף אייביק
אין אָפּגרונט פון ניט־זיין...

ווי אין זיין איי אַן אָדלערל,
וואָס ווייסט ניט אַז עס וואַרט אַף אים
די איינזאַמקייט און האַרטקייט פון אַ פעלז,
די צאַרטקייט פון אַ לעמעלע,
אַ יעגער
און אַ קויל וואָס דאַרף פאַרלעשן מיט זיין בלוט די זון —
ווי אין זיין איי אַן אָדלערל,
באַוואַכט פון שאָטנס אין אַ הייל,
רו איך דאָ צופוסנס בא דעם טויט.

נאָר —
אַף דיין באַפעל — קען זיין — דו, סאַנטאַלור —
גיט דער פראָסט פון זיינע ליפּן
מיינע צאַרט אַ ריר
און עס יאָגט זיך דורך איבער מיין לייב אַ גרויל
און עס ברויזט אַפּסניי מיין וואַנזין אויף אין מיר.

שפּאַן איך נאָכדעם ווידער און איך לויכט
און איך טראָג זיך ווי אַ פייער אין אַ וויכער־ווינט
און פאַרצער די פּחד־ראַנדן פון דער שטאָט,
ביז סע גרייכט מיין טראָט און צינדט דעם העכסטן טורעם־שפּיץ,
און כ'צעפאַל זיך אין אַ קנאַלנדיקן רוף:
עס זאָל די חשכות זיך פאַרוואַנדלען אין דיין טייוולישׁ מיידל־גוף

קאָרטשען שאָטנס זיך אין שרעק און פאַלגן מיין געבאָט
און שרומפּן איין און דרינגען אין מיין חדרל אַריין;
און אַז כ'פאַרנעם פון נאַכט איר לעצטן שאָטן־שפּור,
דרעמלט איין צוריק אין מיר מיין אינגלשער שגעון
אין מאַטער מרה־שחורה־שיין
פון דיין דעמאָנישער פיגור.

:: :: ::

**סאַנטאַלוריאַ,**
**קען זיין,**
**אַז איך בין גאָר,**
ווי אַ שווין־פון־לאַנג־פאַרגליווערטער
און אָפּגעשטאָרבענער פּלאַנעט,
וואָס טראָגט זיין בלינדקייט אום
און בעטלט הויפנס וואַרעמקייט און ליכט
אַף הימלס לויכטנדיקע וועגן —
ווייל . . . וואָס זשע אַנדערש קען ער טאָן?
און דו,
קען זיין, ביזט גאָר,
ווי אַ בליציקער קאָמעט,
וואָס שוועבט זיך שטיפעריש פאַרביי
און פלאַנצט זיך גלאַט־אַזוי אַף אים
קערנער גאָלדענע,
און שפּרינקלט סתם־אַזוי, פאַר צייט־פאַרטרייב,
מיט פייערדיקן רעגן;
און צינדט אין אים אַזוי־אַרום אַ ניי לעבן אָן —
ווער ווייסט.

און — קען זיין,
אַז איך בין גאָר ביז איצט געווען
דאָס טונקל־גרויע אָפּבילד
פון אַ גוססדיקער נאַכט
און האָב זיך אומגעשלייכט אַ בלינדער באַ איר זייט;
און דו,
קען זיי, ביזט גאָר געווען
דאָס, פון גאָט־געשיקטע פייער־פליגעלע,
וואָס האָט
אַ טראָפּן לויכטנדיקן סם געבראַכט;
און יעדערן פון אונדז
פון זיך אַליין באַפרייט —
ווער ווייסט.

## טעג און יאָרן

קריכן טעג און יאָרן
איבער אַ בלינדן וועג.
פרעסט די צייט מײַן יוגנט,
ווי אַ יונגן בוים אַ זעג.
זעגט זי שטיקער לעבן
און וואַרפט עס צו די פיס.
ווערט דאָס קריכן שווערער,
ווערט דער טויט מיר זיס.

ניו יאָרק, 1925.

**
*

אָרום —
בערג אוראַלטע געזעטיקטע מיט יאָרן,
מי'ט סוד אין אײַנגעוויקלט פאַרגליווערטן
פון יענער צײַט,
איידער ס'האָט דעם מענטש די ערד געבאָרן ;
בערג,
פון וועמענס טיפענישן ס'האָט נאָכדעם
לעבן זיך אַרויסגעהויבן
און מיטן גליווער פון אַרום
אַ טויט־ און לעבן־קאַמף
אָנגעהויבן ;
בערג,
וואָס האָבן אין די גרויע לעבער זייערע
פאַרקלעמט די וויסטע שאַנד און פּײַן
פון די וואָס זײַנען אויך אַרויפגעקומען
דאָ צו זײַן —
בערג . . .

**
*

אַמעריקע,
ווי עס קנייטשט אַרײַן אַ זונה אַ באַטרונקענע
אַ לעצטן געלט־נאָט אין איר זאָק דעם זיידענעם,
אַזוי האָסטו נאָך אַ טאָג
אַ לעצטן פון אַ וואַנזיניקן יאָר
אַרײַנגעקנייטשט
אין די שפּאַלטן פון דײַן רייסטער־בוך
דעם בלוטיק־גאָלדענעם.

באַלד קומט האַלבע נאַכט.
אין דערוואַרטונג
וואַקלט אום משונהדיק די שטאָט —
אַ פאַנטאַסטישער שאַנטאַן.

## אַ נאַכט־וואַנדלער

העי, דזשימי! דו מוזט —
אַ נאַכט־וואַנדלער ביזטו —
אין אַ פרעמדן וואָגן
אונטער ערדן זיך טראָגן,
זיך נאָך פינצטערניש יאָגן.

העי, דזשימי! דו מוזט —
אַ נאַכט־וואַנדלער ביזטו —
פון איין באַן אױף צווייטער
איבער גאַסן בלינדע
נאָך מאָרגנס זיך יאָגן,
נאָך מאָרגנס נאָך גראָע,
און טעג פאַר דיר ווייסטע
אין נעכטנס פאַרוואַנדלען.

העי, דזשימי! דו מוזט
מיט ווינטער נעכט זיך מעסטן
ווער איבערקומען ס'וועט וועמען,
ווען ווייסע נאָרט־פאָל בערן ברומען
איבער אַרקטישע גאַסן
און וואָיען ווי רוחות צען טויזנט
אַ שבח צו זיין פּראַקטיקן נאָמען.

ניו יאָרק, 1925.

## אפשר, ברודער, ווייסטו?

וואָס האָבן זיי צו דיר,
זיי — די וועלטן פרעסער,
פרעג איך, ברודער, דיר —
אפשר ווייסטו בעסער.
אפשר, ברודער, ווייסטו
פאַרוואָס דאָס איז אַזוי?
פאַרוואָס פאַר זיך גאָר שטאַרבסטו
און דיין לעבן — גיסטו זיי.
פאַרוואָס ווערסטו געקרייציקט?!
דיין בלוט — דו גיסט פאַר ווײַן,
און ווידער ווערסטו מגולגל —
אַזוי טאָג־אויס טאָג־איין.
אפשר — דו ביזט אַ ממזר,
דו קריסטוס פון יעדער צייט!
און טעמפּלען יעהאָוואָס . . .
ווערן ניט פאַר דיר געבויט.
אָבער ניין! — איך פאַרשטיי ניט
דעם יעהאָווא און זיין געזעץ,
צ'האָסטו צוגעזינדיקט —
אין דיין מוטערס בעט?
איין זאַך, ברודער, ווייס איך —
דו ביזט געבאָרן אין אַ שטאַל,
דיין לעבן — ער איז פינצטער,
דיין גורל — אַ, פאַטאַל!

:: :: ::

אפשר, ברודער, ווייסטו
פאַרוואָס דאָס איז אַזוי?
פאַרוואָס פאַר זיך
גאָר שטאַרבסטו
און דיין לעבן גיסטו זיי.

1925.

# אומרו

וואָס פאַרצערסטו מיינע שעהן,
מיינע שעהן — מיר
אַזוי קמצניש איינגעטיילט?
— אַט הער
דער אַלטער צייט פאַרטרייבער
ווי שפּאַרעוודיק ער ציילט:
— טיק, טאַק, טיק.
— טיק, טאַק, טיק.
לאָזט קיין איינציק רגע דורך.
אַט זע:
צוויי דאַרע לאַנגע פינגער
ציילן, שרייבן אַף זיין בויך.
און מיין האַרץ, אַט ווי דער זייגער,
קלאַפּט און ציילט און יאָגט אים נאָך,
און אַף מיין פּנים פאַלדן שפּרייט זי
יעדן נייעם טאָג אין וואָך.

און דו,
דו מאַטערסט מיין נשמה,
לאָזט זי
אַף איין מינוט ניט אָפּ.
ווי אַ שיפל
אין שטורעם כוואַליעס
וואַרפסטו זי
אַרויף, אַראָפּ.
און אַז איך פרעג דיר:
— וואָס זשע ווילסטו?
אפשר
זוכסטו צום טויט אַ וועג?
שטאַרקער שליידערסטו
דאָס שיפל;
טיפער זינקסטו
מיינע טעג.

און מיין הארץ,
אָט ווי דער זייגער,
קלאפּט און ציילט
און יאָגט אים נאָך.
און אָפן פּנים
פאלדן שפּרייט זי
יעדן נייעם
טאָג אין וואָך.

ניו יאָרק, 1925.



## איך גיי

ברעג פון האָדסאָן ריווער,
דו ווינקסט צו מיר.
אַלטע, אייביק־יונגע מאַמע,
דו רופסט מיך.
דו ווילסט מיך פאַרגעבן,
טרייסטן ווילסטו מיך.
איך ווייס עס —
איך האָב באַ זיי פאַרזינדיקט,
איצט טרייבן זיי מיך.
איך גיי, איך גיי.
און ווידער —
אַף דיין פריש־באַגרינטן בעט־טוך,
וואָס דו גרייטסט פאַר מיר,
וועל איך פאַר דיר —
ווי אַמאָל,
ווען איך בין נאָך גאָר אַ קינד געווען,
פאַר מיין מאַמען —
מיין האַרץ עפענען,
און דו — ווי זי, וועסט זען,
און דו — ווי זי, וועסט גלויבן,
אַז . . .
אַז כ'קען ניט . . .
און ווי אַמאָל,
ווען כ'בין נאָך גאָר אַ קינד געווען,
וועסטו — ווי זי, מיין אומגליקלעכע מאַמע,
מיט טרערן אין טיפע אומעטיקע אויגן
אין לאַנגע שעהן נאַכטיקע —
מיר סודותדיק פאַרטרויען,
אַז איך בין נאָך אַ קינד,
אַז זיי זיינען ניט שולדיק,
אַז אַלץ אַף דיר וויל לעבן,
און לעבן מיינט — פאַרניכטן...
און ווינען וועט ביים זייט דער האָדסאָן,
— אייביק, אייביס
וועלן האָדסאָנס טויזנט אויגן
אין אַ טויב־בלינדער נאַכט אריין
וויינען און דערציילן.

— איביק, איביק
וועלן האָדסאָנס טויזנט ליפּן
שעפּטשען און דערציילן.
— איביק, איביק
האָבן לעבנס שטאַרקע
שוואַכערע געפּרעסן...
און אַ שטאָלצער,
מיטן קאָפּ פאַררים,
וועט אַ צונג, ווי שטענדיק,
דער „וואָלוואָירט בילדינג״
דעם הימל אַרויסשטעקן
און מיט טויזנט חוצפּהדיקע אויגן
וועט ער, ווי אַ פעטע רייכע זונה,
רחמנותדיק
דעם האָדסאָן גלעטן.

ניו יאָרק, אַפּריל, 1926.

***

ס׳דוכט זיך מיר ניט זעלטן אויס —
אָט, כ׳האָב אַ פריינט געפונען,
אַ פריינט וואָס קושט די קעלט אַרויס,
די קעלט פון פרעמדע זונען.
אַ פריינט וואָס טונקט דאָס לעבן איין
אין פלאַמיקע קאָלירן,
וואָס צינדט, און פירט צום גליק אַריין
דורך פייערדיקע טירן.
אַ פריינט וואָס וויינט מיט מיר באַנאַנד
ווען זון אין כמאַרעס איז פאַרטרונקען,
וואָס דריקט און וואַרעמט אויך דאָן די האַנט,
ווען קאָפּ אין טרויער איז פאַרזונקען.
אָבער אַלעמאָל, אָבער אומעטום
ס׳האָט אַהער מיך קיינער ניט גערופן,
איז וואָגל איך ווי אַ פויגל אום —
אַ פויגל, וואָס האָט אַ פרעמדע נעסט געטראָפן.
און כ׳גיי אַזוי אַהער, אַהין —
כ׳מוז דאָך ערגעץ גיין,
און טעג זיי קריכן אָן אַ זין
און אַלץ אַרום שרייט ניין.

1926.

# ניו־יאָרק

ווי א געשוויר פון אונטערן הויט
פון א ריזיקן קערפּער,
ביסט פון אונטער דער ערד ארויס
און האָסט זיך צעשוואָלן,
און האָסט זיך אייטערדיק צעבלימ.
ניו יאָרק —
ווי גרויע קרעציקע וואונדן
אַף א יונגן פול־בלוטיקן קערפּער,
האָסטו אַף דער פלאַך פון א פרישער ערד
דיינע גרויע בלאָטערן צעבלאָזן,
האָסטו אירע פרילינג זאפטן געססמט
און אין שטינקענדיקן אייטער פארוואנדלט.

ניו יאָרק —
אונטער דיר, ווי צעפוילטע ביינער,
ברעקלען זיך אוראַלטע מעכטיקע פעלזן,
און איבער דיר
איז אַן אייביק טונקל גרויער טרויער־וואואל פארצויגן,
און אין דיר, ניו יאָרק!
אָ, אין דיר,
ווי אין דאנטעס אינפערנאָ —
אין דער העליש צעפלאָמטער צעיאטרעטער וואונד
פון דער צעשראָקן קראנקהאפטער מענטשן־פאנטאזיע,
אין דיר,
אין דיינע אייטער־קאנאַלן,
אין דיינע טויטלעך־שטיקנדיקע ארטעריעס —
שפרייט זיך א נאקעטער דער טויט
און זייט,
ווי שווארצן מאָן,
הונדערטער טויזנטער פאראזיטן.

אין דיר, ניו יאָרק!
ווי אין א געשוויר
האָט זיך צוזאמענגעפלאָסן
דער גאנצער בלוט־אָפּפאַל
פון א טויזנט־דורותדיקער קראנקער ערד.
דורך דיר — דו גלגול פון אַלטן רוים,

ווען דו וועסט ווי א וואולקאן אויפפלאַצן,
ווען די כוואַליעס פון דיינע אַטלאַנטישע ברעגן
וועלן העכער פון דיינע גרויע בלאָטערן אויפשווימען
און זיי אַרונטערשווענקען,
וועט ערד איר קראַנקהייט אַרויסשפּייען
און צוריק יונג ווערן.

.1926

## מאָרגן אין זון־לאַנד

גאָלד און גרין און טיפער בלוי —
אייביק אַט אַזוי
צינדט אָן דער מאָרגן דאָ די ימען,
הילט דעם מזרח איין אין פלאַמען
און דעם מערבֿס בלאַסע שטערן
הויבן אָן פאַרשוואונדן ווערן.
הויבט זיך זון אַלץ העכער שנעלער,
ווערט דער הימל טיפער העלער:
שטרעקן זיך די פּאַלמען־שפּיצן,
שלינגען פרישע זונען־שפּריצן:
שטייט דער אָראַנזש־בוים געבויגן —
שווענקט זיך אוים מיט גאָלד די אויגן —
ניין, קיין זאַך איז דאָ ניט גרוי,
נאָר אַלץ איז גאָלד, און גרין,
און טיפער בלוי.

מיאַמי, פלאָרידאַ, 1926.

# זאַלן, טעמפּלען, קאַטעדראַלן

— און ווען עס לעשט זיך די זון
און איר לעצטער שטראַל
שווינדט ערגעץ אין תהום אַוועק,
שפּרייט זיך דאָ אַ הייליקע חופּה־דעק
פון בלויען הימל־סאַמעט.

זאַלן, טעמפּלען, קאַטעדראַלן —
היים פון דיין געטן — די גאָלדענע סאַלב,
אַ! אַלמעכטיקער גאָט פון כאַאָס;
ווען די נאַכט קומט אָן,
און עס צאַנקען שוין אויס די לעצטע פונקען
פון דיינע קרבנות אַפן מזבח פון געלט;
און עס גליווערן איין
אין טויט־שטילן פּיין
די וואונדן פון וועלט,
וואָס ליגט אַף איר טויטנבעט:
דאַן הער! און פאַרדאַמט
עס וואָרט דאָרט צעפלאַמט
דיין געטן אין איר ליבע־צודעס.

זאַלן, טעמפּלען, קאַטעדראַלן —
תפלה הייזער און שאַנטאַנען,
אין געפלעכט פון קאַראַוואַנען
פון שטאָל, און גאָלד, און לייב, און וויין,
אין רויט געפּוצטע בודוארן,
אין געקנויל פון בלוט און גלוט און ווירוואַרן,
צווישן שיכורע פאַנטאַנען,
איבער פּליושענע דיוואַנען,
אונטער טונקל זיידענע אַבאַזשורן,
וואו עס וואַקלען אום פיגורן
אין מוטער־נאַקעטע קאָסטיומען
צווישן געדראַנג פון טאַנץ, וואַזן,
אין ראַפינירטע קראַנקהאַפטע עקסטאַזן
אין דעם טאַנץ פון וואַכאַנאַליעס
און געדראַנג פון אַנאָמאַליעס:

וואו עס לייזט זיך ס׳לעבן אויף,
ס׳לעבן און דער וועלטס באַרוף,
אין ווילדע אָרגיעס פון געַנוס.
וואו עס הערשט דער גאָט פון זנות —
אַהער פון וויסטן תפלה הויז,
וואו עס שווארצט זיך טויטקייט בלויז;
וואו עס שימלט אַלטער גלאַנץ
און טייוול טאַנצט זיין שדים־טאַנץ,
וואו עס זשאַווערט פייערפאַן
אין אַ ווינקל ביים אָרגאַן:
וואו עס טרויערט דער אַלטאַר
נאָך זיין מעכטיק טויטן האַר —
אַהער שלייכט איצטער זיך אריין
אומבאַמערקבאַר מיט איר זיין,
זי — די מוטער פון דעם זון,
נאָר קיינער ווייסט ניט פון דערפון,
זינט עס איז דער בלוט געפלייץ
אויסגעטריקנט אַפן קרייץ
האָבן מענטשן־קינדער פון דער ערד
פון גאָט און זון זיך אָפּגעקערט.

שלייכט זיך מוטער אין שאַנטאַן,
ווי אין אַ בלוטיקן קאַנקאַן;
און שטום זי פרעגט — צו וואָס איז בלוט?
און צו וואָס מענטשן־קינדער דאַרפן בלוט.

און איבער זאַלן, קאַטעדראַלן,
איבער געטער און וואַנדאַלן —
שוועבט אַרום אַף זיין אַלבאַטראָס
דער אַלמעכטיקער כאָאָס.

## וואַנט פאַריטומטע *)

ווענט —
אַ געמיש פון העלן גרין און שטויביק גרוי;
פאַלט אַ בלאַסע שיין אויף זיי
און ליגט זיך ווי אַ טוי
אויף פעלד פאַרוואָרלאָזטן,
ווען פויער נעמט אַוועק ס'לעצטע ביסל היי
אין האַרבסט.

שמייען ווענט אַזוי פאַרטראַכט,
קוקן אין דער נאַכט.
קוקט איין וואַנט די צווייטע אָן
און קען דאָס ניט פאַרשטיין.
— וואָס איז דאָס פאַר אַ פליך? —
שווייגט זי אויס צו זיך.
ערשט נעכטן איז דאָך דאָ
אַן אַלטער וואַלד געשטאַנען
און דערנעבן
האָט אַ טייך זיך דורכגעריסן,
זי פלעגט אַפילו הערן ווי עס פליסן
זיינע וואַסערן
דורך די נעכט.

שווייגט די צווייטע אין נאַכט אַריין:
— וואָס קען דאָס זיין?
וואָס איז דאָס פאַר אַ מיין?
ערשט נעכטן איז דאָך דאָ אַנטקעגן,
אונטער אַ בוים,
וואו עס לויפן זיך צוזאַמען ערגעצדיקע וועגן,
אַ יונגע פרוי געשטאַנען אָנגעשפּאַרט
מיט לאַנגע שוואַרצע האָר צעוואָרפענע,
מיט אויגן צוויי,
וואָס האָבן זיך געשניטן אין אַ טיפער זומערדיקער נאַכט,
און געוואַרט,
ווי אַלע נאַכט,
און זיך קיינמאָל ניט דערוואַרט...

קוקן ווענט אַזוי פאַרטראַכט,
שווייגן אין דער נאַכט,
פאַלט אויף זיי אַ בלאַסע שיין,
ביז זיי שלאָפן איין.

.1926

*) באַמערקונג פון י. גרינשפאַן: אָנגעשריבן אין אַ האַלבער שעה אין אַ געוועט מיט איינעם וואָס האָט, ווי איך, געחלומט פון ווערן אַ פּאָעט און זיך דערביי טויט-ערנסט געשפּילט אין לידער-מאַכעריי. — מיין אייביק ניט-געפונענעם טשאַרלי וואַכאַטינסקי.

זי פרעגט:
פאַרוואָס כ'שרייב ניט
פון בלומען
און פון בלאַסער לבנה־שיין;
פאַרוואָס הער איך נאָר
דאָס ברומען
פון עלנט און פון פּיין;

פאַרוואָס
האַלט איך אין איין שעלטן
ווען דאָס לעבן איז אַ פּראַכט;
פאַרוואָס
רואיק בין איך זעלטן
און פון שטורמען נאָר איך טראַכט.

בלומען?
כ'האָב געהערט —
מ'זאָגט:
זיי זיינען שמעקעוודיק און צאַרט
אָבער צערטלעכקייט
איז פרעמד מיר —
כ'האָב עס קיינמאָל ניט דערוואַרט.

אָרעמקייט און נויט,
חלומות פון הויזן;
מוטערס טרערן
אַנשטאָט ברויט —
כ'וויים ניט פון קיין רויזן.

וואָס!
די בלאַסע לבנה —
איך האָס זי,
זי איז קאַלט!
כ'האָב ליב ס'העליש פייער,
דעם שטורעם, דעם געוואַלד...

כ'בין
אַ קינד פון שטורעם,

נעראנגל און געדראנג;
כ׳זעץ־פֿאַר
כ׳בוי אַ פֿעלזן־טורעם
פֿון שקלאַפֿן־
זיידעס דורות לאַנג.

בלומען?
זיי פֿאַנגען אָן צו וועלקן
ווען עס רייסט זיי אָפּ
דער ווינט;
דו ביסט אַ בלום
מיין געטין
און איך —
דאָך ניינס אַ קינד...

ניו יאָרק, 1926.

# אַ זעאונג

ליג איך אַף מיין פרעמדן בעטל,
חלום פון מיין זיין:
דורכן פענצטערל — אַ ווינטל
שלייכט זיך שטיל אַריין.
עמיץ בענקט דאָרט באַ דער פּיאַנאָ,
ערגעץ אין אַ הויז,
און עס שפּריצן פונקען טענער
פון אַ האַרץ אַרויס.
עמיץ זיצט דאָרט באַ דער פּיאַנאָ
זינגט אין איר אַריין,
און עס ווײנט אַרויס די פּיאַנאָ
יוגנטלעכן פּיין.
ערגעץ יאָגן זיך קלאַווישן,
און פינגער אין געדראַנג,
עמיצנס נעמיט דערפרישן
סודות פון געזאַנג.
און עס שוועבן אום מעלאָדיעז,
ס'וויקלט זיך אַ טרוים,
און עס ברויזן אויף ראַפּסאָדיען,
טרייסלען אויף דעם רוים.

ליג איך אַף מיין פרעמדן בעטל,
חלום פון איר זיין:
דורכן פענצטערל דאָס ווינטל
שוועבט מיט איר אַריין.
זע איך: טיפע, שוואַרצע אויגן,
כ'דרינג אין זיי אַריין,
און איך פליסטער — כ'האָב געפונען
דעם אינהאַלט פון מיין זיין.
ווי אַ מלאך אירע לאָקן
וויקלען זי אַרום,

און איר פּנים — ניט דערשראָקן
שמייכלט ווי אַ בלום.
און עס שווינדן פון מיין צימער
די פאַרבן שטויביק גרוי,
און עס צינדן זיך אין שימער
שטראַלן הימליש־בלוי.
אָט באַוועגט זי אירע ליפּן,
ס'פליסטערט אַ געזאַנג:
— כ'האָב געפונען, כ'וועל דיך ליבן
ליבן אייביק לאַנג.
כ'האָב פון טענער, פון מעלאָדיען,
פליגלען מיר געמאַכט,
און אין אויפברויז פון ראַפּסאָדיען
געפלויגן דורך דער נאַכט.
—אַלע נאַכט בין איך געפלויגן,
ביז אָט היינט — דו זעסט?
ס'האָט מיין האַרץ צו דיר געצויגן —
טאָ דריק, מיין ליבער, פעסט.

:: :: ::

ליג איך אויף מיין פרעמדן בעטל,
ברען אין פלאַם פון גליק:
פון מיין פענצטערל דאָס ווינטל
מיך גלעט און שווינדט צוריק.
און עס שווינדט אַוועק דער שימער
פון שטראַלן הימליש־בלוי,
און עס הילט זיך איין מיין צימער
אינעם אַלטן שטויביק־גרוי...
עמיץ בענקט דאָרט בײַ דער פּיאַנאָ,
זינגט אין איר אַריין,
און עס שטומט אַרוים נירוואַנאַ
סודות פון ניט זיין...

(?) 1926.

# וויקלט איין די נאַכט אין רויטן

וויקלט איין די נאַכט אין רויטן,
זאָלן וועלדער ווערן קנויטן,
וועט דער הימל זיך צעפלאַמען,
וועלן וואַסערן פון ימען
זיך אין קאַכיק בלוט פאַרוואַנדלען.

וועלן קומען פון די תהומען,
פון דער טיפעניש צושווימען
טויזנט פייערדיקע ריזן
מיט טויזנט אָנגעגליטע שפּיזן
און דער ערד די האָר צעקעמען...

וועט דער עלטסטער ריז אַ מאַך טאָן,
מיט זיין כישוף־האַנט אַ פיר טאָן,
וועלן זיך צעפאַכן פליגלען,
וועט אַ וויכער זיך צעוויקלען
ג׳אַפּן וועג צום ים זיך לאָזן.

וועט דער וויכער־ווינט באַפעלן,
און דער ים וועט זיך צעקוועלן,
און דער ים וועט זיך צעוויגן —
ר׳וועט אַרויס פון זיינע ברעגן
און דער ערד דעם קאָפּ אויסצוואָגן...

וויקלט איין די נאַכט אין רויטן,
זאָלן פלאַמען צערן פלויטן,
וועט אַ ווינט זיך פריי צעזינגען —
זיך אין וועג צום מזרח לאָזן,
אַ נייע זון פון דאָרט צו ברענגען
און איבער קאָפּ פון דער ערד אויפהענגען.

1929(?)

# אַ סעפּטעמבער־זון

אַ סעפּטעמבער־זון קוקט אַריין אין פענצטער,
אַ שטראַל אַ מידער אין אָנמאַכט פאַלט,
אַ ווינט אַ חוצפהניק אַ יונגער
פּייפט, און טרייבט די רו פון וואַלד.

צווייגן ציטערן איבער גרינקייט,
בלעטער געלן זיך אין שרעק,
דערביי באַשפּריצט מיט אַ גאָלדן דינקייט
ליגט און וואַרט אַ זאַמדיק וועג.

דאָס האָט דער זומער פאַר אַוועקגאַנג
דאָ דעם וועג מיט גאָלד פאַרזייט:
אַז ווען זיין ברודער האַרבסט וועט קומען
זאָל אַלץ מיט גאָלד דאָ זיין באַקליידט.

עס שפּאַצירט די זון איבער אַ בלויען הימל,
און קושט פון טאָל די גרינקייט אויס
און ס'וועקט דער ווינט די גראָז פון דרימל,
ווייל באַלד קומט האַרבסט פון וואַלד אַרויס...

פאָלסבורג, נ. י., 1926.

פון דאָרט,
וואו עס לאָזט זיך אַרונטער דער הימל:
וואו ער טובלט זיך אָפּ פון זיין מאַגיקן דרימל
און ווערט אין אַטלאַנטישן אָפּגרונט פאַרלאָרן:
פון דאָרט,
וואו אין שוואַרצן ווערט נאַכט איצט געבאָרן —
טראָגט זיך דער ים אַהערצו צום ברעג
און ער רוישט און ער ברומט און ער לאַכט אַף זיין וועג.
און אַז הימל ליגט שוין לאַנג פאַרשפּרייט,
פול מיט דימענטן פאַרזייט,
און הילט איין דעם ברעג אין אַ נאַכטיק קלייד,
ווערט שיכור דאָן דער ים פאַר פרייד:
און מיט אַטלאַנטישע ציין ווי מיט שטאָלענע זעגן
קעמט ער און שלינגט די זאַמדיקע ברעגן.
אָט הויבט זיך אַ כוואַליע אַרויס פון זיין שוים,
אָט טראָגט זיך אַ צווייטע אין איר אָקעאַנישער גרויס,
ס'דעריאָגט זיי אַ דריטע און דערלאַנגט אַזאַ שטויס,
און מיט שוים אַף די ליפּן שטאַרבן זיי אויס.
און אין דער טיפער פינצטערניש וואָס נאַכט
האָט אַף פליגלען שוואַרצע מיטגעבראַכט,
פון אַן ערגעץ ווייטן בלינדן לאַנד —
צינדט זיך ים אין בלויען בראַנד,
און עס ציען זיך שערענגעס
בליצן—פייערדיקע סטענגעס —
און עס קריכן און עס איילן,
שלאַנגען — ברענענדיקע זיילן,
און עס רעווען, און עס ברומען,
און עס הילכן און עס זשומען,
און עס גייען און עס קומען
טויזנט נאַכטיקע ים־געשפּענסטער.
און ס'באַשאַפט דער ים פיגורן —

צינדט און גיט זיי לעבנס־שפּורן:
ציען זיך אין רייען מאַסן
גייסטער אָנגעטאָן אין ווייסן —
ווילן גייסטער נאַכט צערייסן
און זיי שאַלן, און זיי קנאַלן,
זוכן פינצטערניש באַפאַלן:
ווערט די נאַכט נאָך פינצטערער, נאָך דיקער,
ווערן גייסטער דורשטיק־שיכור,
ברענט דער ים פאַרהילט אין פלאַמען,
קעמפט די נאַכט — זי וויל פאַרצאַמען,
ביז אין בלוט זי ברעכט צוזאַמען...
שפּאַלט דער ים זיין ריזיק גוף:
אַ בלוטיק פּאָן — ער וויקלט אויף,
צינדט זיך פּאָן אין מזרח אָן,
און עס קומט דער מאָרגן אָן.

מיאַמי, פלאָרידאַ, 1926.

# אַ טויבער בת־קול אין אַן אונטערערדישער גאַס

האַלבע נאַכט, טויטע שטילקייט,
שטילקייט — אַ לאַנגער עכאָ.
לאַנג, לאַנג לויפֿט ערגעץ פֿון תהום —
לויפֿט ערגעץ צום תהום.
גרילצט דער עכאָ אין דיינע אויערן,
דערמאָנט דיר אַן עפּעס אומגעדענקבאַרעס,
דערמאָנט דיר אַן טויזנטער וועלטן,
וואָס דו האָסט דורכגעדויערט איידער דו ביזט
געבאָרן געוואָרן, איידער די וועלט איז
געבאָרן געוואָרן. ער רוימט דיר אַריין
זיין מאָנאָטאָנעם געשפּענסטפֿולן טויבן סוד,
ער קלינגט דיר אַריין, אַז אַלץ איז מאָנאָטאָן,
אַז ער איז די מאָנאָטאָנקייט אַליין, אַז דו ביזט
מאָנאָטאָן. אַז דו ביזט בלינד, אַז דו געדענקסט
ניט דיין אומענדלעכן נעכטן, אַז דו זעסט ניט
דעם אייביקן טונקעלן מאָרגן, אַז דו ביזט
אַ קורצער מאָמענט אָנגעצויגן אויף אים דעם חוט־השדרה —
די פֿאַטאַלע אייביקייט פֿון אַלע צאָללאָזע וועלטן און
שטומע צייטלאָזיקייט, אַז דאָס וואָס דו רופֿסט אוניווערז
איז איין קליין אומבאַמערקבאַר מיקראָסקאָפּיש
פּינטעלע אין דעם ענדלאָזן, פֿאַר דיר אומבאַגרייפֿבאַרן
גאָרניט. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — דער עכאָ איז פֿאַרשוואונדן.
פֿון ערגעץ האָט זיך דערהערט אַ גרילצעריי —
גאָרניט האָט זיך אַריינגעביסן אין גאָרניט —
— — — — — — אַ נאַכט־באַן האָט זיך אַריינגעריסן
אין דער טויטער גאַס און האָט דיך פֿאַרשלונגען.

ניו יאָרק, 1925.

# שטאָטישער באַגינען

1

זיי שלייכן פון נאַכט זיך די שאָטנס
און שטרעקן אויס דורשטיקע צינגער
און לעקן די גרויקייט פון הימל.
זיי ווייכן פון נאַכט אָפּ
און גלאָצן מיט לעבער מיט בלינדע
ארויפצו
און גליווערן אויס ריטואַלן
צום דעמער.

2

נידערט באַגינען פון הימל ארונטער,
נידערט ארונטער אַף דעכער.
האַלט ער אין איין האַנט אַ קופּערנעם עמער,
אַ פולן מיט ליכטיקן מאָרגן.
טונקט ער אַ פּענזל פון אָראַנזשעווע פּראַנזן,
און שפּרינקלט אַ גאָלדענעם רעגן.
פאַלן קרישטאָלענע שטראַלן און פאַלן,
טרינקען די שאָטנס און קוועלן,
און העלן...

ניו יאָרק, 1928.

## פאַרטאָג

(באַם מעטראָפּאָליטען טאַוער)

ס'האָט אַ שטאָלענע האַנט אַפֿן טורעם
געגעבן זיך אַ ריר
און באַפֿוילן אַ האַמער, דאָרט אויבן,
אַז קלאַפּן זאָל ער — פֿיר.

נאָכדעם האָט עמיץ אַ קנעפּל
אין ערגעץ געטאָן אַ דריק:
זיינען גאַס־לאַמטערנעס פּלוצים,
ווי איינע, געשטאָרבן פֿאַר שרעק.
האָבן שאָטנס פֿון ווינקלען גענומען
זיך רוקן אַף אַלע ווענט —
איז פֿאַרחלשט אַזוי געבליבן
די שטאָט באַ דער נאַכט אין די הענט...

דערנאָכדעם האָט עפּעס אין ערגעץ
דערלאַנגט זיך אַ צעוויג —
גלייך ווי עס וואָלטן דאָ כּוחות
געפֿירט פֿאַרבאָרגן אַ קריג.

און באַלד האָבן מחנות פֿון לעבער
אַף ראָגן פֿון גאַס און סקווער,
גענומען ווי שוואַרצע טייוואָלים
זיך יאָגן אַהין און אַהער.

נאָר דוכט זיך אַז יעדער פֿון זיי
האָט אויגן בלינדע, און הענט
ווי אין אַ תּפֿילה, אַ שטומע אַרויף
צום טורעם דאָרט אויבן געווענדט.

און נאָכדעם פֿאַרשוואונדן איז ערגעץ
ווי ס'וואָלט זיי ווער פֿאַרנאַרט —
נאָר אַט האָבן נייע געשפּענסטער
זיך פֿון אונטערערדישע לעבער געשאַרט.

דערווייל האָט די האַנט אַפֿן טורעם
זיך ווייטער באַוועגט אין איר קרייז:
און ס'האָבן שאָטנס פֿון ווענט זיך גענומען
אין ווינקלען צעקריכן ווי מייז...

ניו יאָרק, 1928.

# פּאַרטאָג

(אױף אַ גאַס לעבן אַ חורבה)

**ערשטער —**

(ליגט איינגעהויקערט מיטן פּנים צו דר'ערד) —

כ'גיי אונטער, כ'גיי אונטער,
ס'עט שוין פינצטער אַזוי אייביק זיין,
ערד אַליין איז קאַלט און פינצטער,
ערשטער אורשפּרונג אין דער לײדיקייט איז פינצטערניש
אַלץ איז פינצטער!
פינצטערניש איז אייביקייט אַליין.

**צווייטער —**

(שטייט איינגעבויגן צו אים) —

נאַכט האָט דיר די אויגן בלינד געמאַכט,
קענסטו מאָרגן־ליכט ניט זען.

**ערשטער —**

כ'בין געבאָרן אין דער נאַכט,
כ'וועל גיין פאַרלאָרן אין דער נאַכט;
טאָג איז פרעמד, ניט אונדזערער,
טאָג איז קורץ און שטאַרבט
נאָך איידער כ'קען זיין ליכט דערטאַפּן,
איידער כ'קען זיין וואַרעמקייט דערפילן.
כ'וועל ניט קוקן,
כ'קען ניט,
כ'האָב מורא —
ס'וועט נאָך שטאַרקער פינצטערניש נאָר דריקן,
ס'וועט נאָך קעלטער ווערן.

**צווייטער —**

וואַרף אַראָפּ דיין יאוש־שלייער.
שטיי אויף.
צענעם די הענט,
צעטרייב דעם שווערן נעבל,
וואָס דו'סט באַשאַפן אַרום זיך,
רייב זיך אויס די אויגן;
קוק,
זע,

דאָרט
אַפן מזרח —
רויט...
בלוט...
זון איז איינגעטונקט אין בלוט
זון האָט נאַכט דערהרגעט,
אין אָפּגרונט אַריינגעוואָרפן —
זע,
זון
זון ווערט העלער,
לויטערער —
קומט נעענטער צו אונדז;
זע
זון —
אייביקע זון,
זע, זע, זע.

ערשטער —
וואָס שרייסטו דאָרטן, ווילדער
לאָז מיך ליגן, לאָז מיך,
נאַכט איז אייביק,
זון איז פרעמד,
קומט נאָר אַף אַ ווײַלע;
נאָר זיך רייצן קומט זי,
אַלעמאָל אַזוי,
אייביק אַזוי, —
נאַכט איז אייביק,
כ'בין געבאָרן אין דער נאַכט —
כ'וועל גיין פאַרלאָרן אין דער נאַכט
כ'קען ניט קוקן;
כ'וויל ניט,
כ'האָב מורא —
לאָז מיך ליגן, לאָז מיך,
כ'גיי אונטער,
כ'גיי אונטער.

צווייטער —
(וואָס האָט געקוקט אין דער ווײַט, דרייט זיך אום צוריק) —
פאַרשאָלטענער,

יאוש־קרבן,
גלויבט ניט
אז ס'איז נאַכט געשטאָרבן.
נו כ'גיי,
כ'גיי דער זון אנטקעגן... (אַוועק)

ערשטער —
(צו זיך) —
אַוועק?
נו גוט,
זאָל ער גיין, דער ווילדער,
מאַכט נאָר אָנעט אַ געפּילדער:
ער וועקט מיך אויף,
כ'וועל שלאָפן,
זיך צום טויט דערשלאָפן,
כ'קען אַף רויטער זון ניט קוקן,
זון איז פרעמד,
נאַכט איז אייביק,
כ'בין געבאָרן אין דער נאַכט —
כ'וועל גיין פארלאָרן אין דער נאַכט,
כ'גיי אונטער,
כ'גיי אונטער.
(שטילשווייגן)
(קולות, געזאַנג. מענטשן קומען פון דער נאַכטיקער זייט.)

כאָר—
אין מזרח זייט,
אין מזרח זייט —
אַ רויטע זון גייט אויף,
אין מזרח זייט,
שוין דאָ ניט ווייט —
וואַכט אויף פון שלאָף,
שטייט אויף —
די נאַכט פארגייט,
די נאַכט איז טויט...

איינער—
(פּאַרטשעפּעט זיך, שרייט אויס.)
העי, וואָס פּלאָנטערט זיך דאָס דאָ?!
(בויגט זיך צו) —
אַ מענטש!

אנדערער —
א מענטש, א מענטש.

איינער —
א טויטער מענטש.

אנדערע —
טויט, א טויטער.

איינער —
ניט אויסגעהאַלטן,
א נאַכט־קרבן.

אנדערע —
ליגט אים אַן א זייט,
ניטאָ קיין צייט.

(אַלע גייען, זינגען) —

כאָר —
אין מזרח זייט,
אין מזרח זייט —
א רויטע זון גייט אויף,
אין מזרח זייט,
שוין דאָ ניט ווייט —
וואַכט אויף פון שלאָף,
שטייט אויף —
די נאַכט פאַרגייט,
די נאַכט איז טויט —
דער זון אַנטקעגן גייט...

.1926